# די וויכטיקסטע פיגורן און מאָמענטן אין דער אידישער געשיכטע

## פון גלות בבל ביז צו דער חשמונאים תקופה

(עסייען, שטודיען און אַנאַליזן)

פון

## ש. צ. זעצער

צווייטער טייל

פאַרלאַג „דאָס וואָרט" ביבליאָטעק

ניו־יאָרק, 1940

# א

# דאָס גייסטיקע לעבן פון די אידן אין גלות בבל

יאָרן פון ווידערגעבורט, פון דורכגעלעבטן חשבון הנפש און רעליגיעזן עקסטאַז פאַרן יידישן פאָלק. — נייע ווערק פון טיפן דענקען און פּאָעטישן שוואונג. — אַ לעבן פון „כלו שבת״, „כלו קדושה״. — ווי גרויס עס איז פריער געווען די זינד זייערע, איז נאָך גרעסער געווען איצט די תשובה זייערע, די חרטה. — ווי גרויס עס איז פריער געווען זייער פאַרצווייפלונג, איז נאָך גרעסער געווען איצט זייער טיפער גלויבן אין זייער אויפריכטונג.

אין א משך פון א קורצער צייט איז מקוים געוואָרן די נבואה, וואָס די פאַרשטאָרבענע גרויסע נביאים האָבן נביאות געזאָגט: אז „גאָט וועט נייע הימלען און א נייע ערד פאר זיין פאָלק ישראל באַשאפן״. דאָס גייסטיקע לעבן פון די אידן אין בבל האָט ווירקלעך מיט זיך א נייע וועלט פאָרגעשטעלט, וועלכע איז אזוי אנדערש געווען פון דער פריערדיקער וועלט. עס איז ווירקלעך דאן דעם אידישן לעבן נייע הימלען און א נייע ערד געגעבן געוואָרן.

און אויב פריער, אין די ערשטע יאָרן פון דער דאָזיקער תקופה, האָבן זיך נאָך דאָ און דאָרטן דאָך אייניקע שווארצע פלעקן אויף די נייע הימלען געפונען, זיינען זיי אין די לעצטע יאָרן פון דער תקופה פון גלות בבל שוין פאַרשוואונדן אינגאנצן. אין די ערשטע יאָרן פון דער דאָזיקער תקופה האָבן זיך נאָך דאָך געפונען אייניקע עלעמענטן צווישן די גולי בבל, וואָס האָבן זיך נאָך ניט אָפּגעזאָגט אינגאנצן פון זייערע פריערדיקע שלעכטע פירונגען. אייניקע צווישן די רייכערע קלאסן, וואָס האָבן זיך מיט מסחור באַשעפטיקט, האָבן אויך איבערגענומען פילעס פון דעם עבודה־זרה־קולט פון די בבליים. זיי האָבן צו די געטער פון גליק און שפע געדינט, ווי עס קלאָגט

זיך דער נביא „העורכים לגד שלחן והממלאים למני ממסך", זיי גרייטן צו א טיש צום גאָט פון גליק און זיי גיסן פון דער פולער האַנט צום גאָט פון שיקזאַל. מיר זען אויך ווי יחזקאל האָט גע־שטראָפט אין די גאָר ערשטע יאָרן פון זיינע נבואות די רייכע עלע־מענטן פון גלות פאַר פאַרשקלאַפן די אָרימע, פאַר באַרויבן די שוואַכע פון זייערע נחלאות.

וואָס וויטער אבער די יאָרן זיינען געגאַנגען צום סוף פון דער דאָזיקער תקופה אלץ ווייניקער האָבן די דאָזיקע דערשיינונגען פלאַץ געפונען פאַר זיך אין דעם אידישן לעבן דאָרטן.

די יאָרן פון יחזקאלס טויט אָן ביז צום פעריאָד פון שיבת גלות בבל קענען ווירקלעך באַצייכנט ווערן אלס די יאָרן, אין וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט זיך געפונען, דאָס זיינען געווען יאָרן פון ווידערגעבאָרן פאַר די אידן; דאָס זיינען געווען פאַר זיי יאָרן פון פאַרטיפונג און דערהויבונג, יאָרן פון טיף דורכגעלעבטן חשבון הנפש און רעליגיעזן עקסטאַז. די רייד פון די נביאים, וועלכע זיי האָבן פריער אַזוי האַרטנעקיק פאַרוואָרפן, האָבן יעצט זייער גרעסטן תקון געקראָגן. זיי האָבן דאָס גאַנצע אידישע לעבן געהאַלטן איצט אונטער זייער השפעה. זיי — די גולים — האָבן מיט דער גרעסטער גרייט־ווויליקייט זיך איבערגעגעבן אין רשות פון דער הדרכה פון די תלמידים פון די פאַרשטאָרבענע נביאים, גלייך ווי זיי וואָלטן וועלן דורך דעם אויסקויפן די זינד, וואָס זיינען פון זיי און פון די פריערדיקע דורות קעגן יענע — קעגן די נביאים — באַגאַנגען געוואָרן.

עס האָט מיט זיך דאָס אידישע לעבן דאַן א וואונדערבאַר בילד פאָרגעשטעלט. דער פעטער און פרוכטבאַרער באָדן האָט פאַר זיך אומערמידלעכע פון גאָט געבענטשטע אקערער און זייער געפונען. די תלמידים פון די נביאים האָבן א פיבערהאַפטע טעטיקייט אָנגע־פירט. פילע פאַרשיידענע גרופן האָבן זיך צו דער גרויסער און הייליקער ארבעט געווידמעט צו דערציען און לערנען דאָס פאָלק. ברוך בן נריה מיט זיינע תלמידים און חברים, די כהנים, וואָס האָבן געשטאַמט פון דער צדוק פאַמיליע, וועלכע איז אין משך פון די אלע ביז איצט פאַרגאַנגענע דורות ריין געבליבן פון דעם עבודה זרה קולט, די לויים, וועלכע האָבן מיט זיך די געטלעכע שירים און מזמורים קיין בבל געבראַכט און די געלערטע — די דאָזיקע אלע

גרופּן האָבן איינע מיט דער צווייטער קאָנקורירט אין דער הייליקער ארבעט זייערער, דאָס אידישע פאָלק איבער די וועגן פון גאָט צו פירן.

עס איז אין יענע יאָרן גאַנצקייט און פאָרם געגעבן געוואָרן צו דער אידישער קולטור. עס איז דאַן די געביידע פון דער אידישער ליטעראטור אין איר פולער שיינער ארכיטעקטור אויפגעשטעלט גע־וואָרן. עס איז דאַן געזאמלט און צענויפגעשטעלט געוואָרן דער גרעסטער טייל פון תנ״ך, וועלכער איז אין פילע קאַפּיטעלס איבערגע־שריבן און פארשפרייט געוואָרן צווישן די אידן. און אויסער דעם, וואָס עס זיינען דאַן געזאמלט און רעדאקטירט געוואָרן די אלע שוין פון פריער געשאפענע ספרים פון תנ״ך, זיינען דאַן אויך נייע ווערק פון טיפן דענקען און גרויסן פּאָעטישן שוואונג געשאפן געוואָרן.

דאָס אידישע פאָלק האָט דאַן פּלוצלונג דערזען פאר זיך פּראכט־פולע אוצרות פילע, פון וועלכע קיין מאַכט אין דער וועלט קען אים ניט בארויבן, אין וועלכע ער האָט טרייסט געפונען אויף דעם פארלוסט פון די מאַטעריעלע אוצרות, וואָס זיינען פון אים פארלאָרן געגאנגען, און וועלכע האָבן אין אים האָפנונגען געוועקט, אז ער וועט נאָך אויך די פארלאָרענע אוצרות צוריק ערווערבן.

דאָס אידישע פאָלק איז אין יענע יאָרן דער „עם הספר״ גע־וואָרן. ער איז דאַן דער עם הספר געוואָרן ניט נאָר אין דעם זין, וואָס ער האָט דאַן א פאָלשטענדיק פאָרמירטע ליטעראַטור אָנגעהויבן צו פארמאָגן, נאָר אויך אין דעם זין פון „כל בניך למודי ה׳״, אין דעם זין, וואָס דער גאנצער גולה האָט מיט דער גרעסטער פארטיפונג דאַן זיינע הייליקע ספרים שטודירט, אין דעם זין, וואָס זיין — פון ספר — אויטאָריטעט איז דער פירער פון זיין לעבן געוואָרן, וואָס ער האָט זיך אין אלעם לויט זיינע פאָרשריפטן געפירט. פון דאַן אָן איז דער ספר דער שליט עליון פון אידישן לעבן געוואָרן. פון דאַן אָן איז ער אין אונזער בלוט און פלייש אריין.

עס האָט מיט זיך דאָס אידישע לעבן דאַן א וואונדערבאר שיין בילד פאָרגעשטעלט. עס איז געווען א לעבן פון „כלו שבת״, „כלו קדושה״. זייער ווייניק מענטשן, ווי אויך פעלקער, האָבן די זכיה

אין געוויסע מאָמענטן פון זייער לעבן און „עלית־נשמה" צו האָבן, א מדרגה פון דערהויבונג און הייליקונג צו דערגרייכן.

און נאָך זעלטענער קומט פאָר, אז די דאָזיקע עלית נשמה מאָמענטן פון איינצעלנעם אָדער פון קבוץ זאָלן א לאַנגע צייט אָנ־האלטן. גאַנצע זעקס טעג האלטן די ששת ימי החול אָן, נאָר איין טאָג אָבער האלט דער שבת אָן. ווען עס באזוכט אפילו אמאָל די נשמה יתירה א מענטשן, איז נאָר א „שיעור קטן" דויערט אין אים די עקזיסטענץ אירע.

דאָן אָבער, אין גלות בבל, איז אָט יענע מערקווירדיסע דער־שיינונג פאָרגעקומען, וואָס א גאנץ פאָלק האָט אין א לאַנגן פעריאָד יאָרן מיט א נשמה יתירה שטענדיק געלעבט, פילע יאָרן אויף א מדרגה פון הייליקונג און ליטערונג זיך געפונען שטענדיק. דער גאַנצער גולה, כמעט, האָט דאָן אין פולסטן זין פון וואָרט א העכער גייסטיק לעבן געלעבט, א לעבן פון זעלבסט אנאַליז און פארטיפונג אין גאָטס וואָרט, א לעבן פון געלייטערטע און גערייניקטע רעליגיעזע און מאָ־ראלע באגריפן און פון דורכגעליטענע, אין צער און פיין אויסגע־טראָגענע, האָפנונגען און טרוימען שיינע.

ווי די פארשיידנארטיקסטע און פילע פארבן פון רעגנבויגן, אזוי פארשיידנארטיק און פיל זיינען געווען די איבערלעבונגען און געפילן וואָס האָבן דאָן אין זייער נשמה געברויזט.

גרויס איז געווען דער אומגליק, וואָס האָט זיי געטראָפן — וואָס זיי האָבן זייער זעלבסטשטענדיקייט אָנגעוואָרן און זיי זיינען פון זייער לאַנד פארטריבן געוואָרן. נאָך גרעסער איז אָבער געווען זייער בענקשאַפט נאָך דעם דאָזיקן לאַנד און דער באגער זייערער זיך אהין צוריקצוקערן.

„ביי די טייכן פון בבל — אין די דאָזיקע קרעפטיקע טענער האָט איינער פון די גרויסע אידישע משוררים אָט יענע בענקשאַפט פון זיין הארצן אויסגעוויינט — זיינען מיר געזעסן און געוויינט, ווען מיר האָבן זיך דערמאָנט אין ציון".

„אויף די ווערבעס דאָרטן האָבן מיר אויפגעהאַנגען אונזערע הארפן. ווארום עס האָבן פארלאַנגט פון אונז דאָרטן אונזערע פאַנגער געזאַנג, און אונזערע אָפּשפּעטער־פריילעכקייט: זינגט אונז פון די לידער פון ציון".

„ווי אזוי אָבער זאָלן מיר זינגען דאָס געזאַנג פון גאָט אויף דער ערד פון א פרעמדן ?"

„אויב איך וועל דיך פארגעסן ירושלים, זאָל פארגעסן ווערן מיין רעכטע האנט, זאָל זיך צוקלעפּן מיין צונג צו מיין גומען, אויב איך וועל דיך ניט געדיינקען, אויב איך וועל ניט ארויפברייגגען דעם זכר פון ירושלים אויף אלע מיינע שמחות".*)

גרויס איז זייער חטא געווען, נאָך גרעסער אָבער איז געווען די תשובה זייערע, די חרטה, וואָס האָט זייער הארץ געגעסן אויף די זינד, וואָס זיי זיינען קעגן גאָט באגאנגען.

„גאָט איז גערעכט געווען און מיר זיינען געווען די אומגערעכטע. צוליב אונזערע זינד און צוליב די זינד פון אונזערע עלטערן האָט אונז דער אומגליק געטראָפן" — די דאָזיקע ווערטער האָבן דאן שטענדיק זייער געוויסן געברענט.

גרויס איז געווען זייער פארצווייפלונג אין די ערשטע מאָמענטן, ווען עס האָט זיי די שרעקלעכע קאטאסטראָפע געטראָפן. זיי האָבן זיך דאן אלס פארלאָרענע באטראכט, זיי האָבן שוין דאן פאר זייערע אויגן געזען דעם פאָלשטענדיקן אונטערגאנג פון אידישן פאָלק, וואָס דארף אין פארלויף שוין פון נאָר געציילטע יאָרן קומען.

נאָך גרעסער איז אָבער יעצט זייער טיפער גלויבן געווען אין זייער אויפריכטונג. דער פריערדיקער פעסימיזם, וואָס האָט אין זיינע

---

*) על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו, בזכרנו את ציון, על ערבים בתוכה תלינו כנורותינו. כי שם שאלונו שובינו דברי שיר ותוללינו שמחה: „שירו לנו משירי ציון". איך נשיר את שיר ה' על אדמת נכר? אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני, תדבק לשוני לחכי, אם לא אזכרכי, אם לא אעלה את ירושלים על ראש שמחתי (תהלים קל"ז).

און עס איז דאָ אם פלאַן צו ברייגגען די פיינע אויסטייטשונג פון ר' נחמן געצאָוו אין זיין „על נהרות בבל" אויף דעם „אם לא אעלה את ירושלים על ראש שמחתי". ער טייטשט אים אויס אויף פאָלגענדן אופן: אויב איך וועל ניט אַרבעטן דערפאַר, איך זאָל צופירן ירושלים צו אַזאַ מדרגה, זי זאָל זיך קענען אלס די שענסטע פרייד מיינע רעכענען. איך וויל שוין דאָ אויך ברענגען די אויסטייטשונג פון תשכח ימיני, וואָס הלל מאלאכאָווסקי גיט אונז. לויט אים נאָך בעדארף מען פארשטיין דעם „תשכח ימיני" גלייך, ווי מיר וואָלטן דאָ האָבן פאר זיך תשכחני ימיני, אדער תשכח אותי ימיני.

שווארצע נעבלען זייער הארץ געהאַלטן איינגעהילט, איז יעצט פון די האָריזאָנטן פון זייער לעבן פארשוואונדן, און עס האָט זיין פלאץ פאַרנומען א מונטערער און מיט האָפנונג און גלויבן פולער אָפּטימיזם, וועלכער האָט מיט פיל ליכט און שיין פארפלייצט דעם לעבנסוועג, וואָס זיי האָבן פאר זיך אין דער נאָענטער צוקונפט געזען. זיי זיינען ניט ווייניקער זיכער געווען אין דעם אָנקומען פון מאָמענט, וואָס וועט מיט זיך די פארווירקלעכונג פון די גאולה־הבטחות פון גאָט דורך די נביאים זיינע ברייינגען, ווי זיי זיינען זיכער געווען אין דער שוין־געשעענער פארווירקלעכונג פון די שטראָף־דראָהונגען זיינע. דער גרויסער גלויבן אין גאָט און אין די נביאים, זיינע וואָס האָט זיי איצט באַלעבט, האָט אין זיי די איבערצייגונג איינגעפלאַנצט, אז עס וועלען אָט יענע הבטחות ביז צו זייער לעצטן וואָרט מקוים ווערן. זיי זיינען זיכער געווען, אז גאָט וועט זיין וואָרט האַלטן אויך בנוגע די אַלע ישועות הבטחות זיינע, פונקט, ווי ער האָט זיין וואָרט געהאַלטן בנוגע די אלע חורבן פאָראויסזאָגונגען, וואָס די נביאים זיינע האָבן אין זיין נאָמען נביאות געזאָגט. זיינען דען ניט אָט יענע אלע חורבן נבואות ביז זייערע קלענסטע דעטאַלן מקויים געוואָרן? פאר וואָס דען זאָלן זיי צווייפלען, דעריבער, אז עס וועט אויך אַלעם, אַלעם פון די גאולה נבואות מקויים ווערן?

און טאָמער האָט נאָך געפעלט פארשטארקונג צו דער דאָזיקער איבערצייגונג זייערער, איז געקומען דער גרויסער וואונדער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דאַן פאַר זייערע אויגן צו שאַפן און האָט איר ביז צו דער גרעסטער מאָס די דאָזיקע פארשטארקונג געגעבן.

אין די ערשטע מאָמענטן, ווען עס האָט זיי דער גרויסער חורבן־אומגליק געטראָפן האָבן זיי זיך אַלס די לעצטע פארדארטע בלעטלעך פון אידישן בוים באַטראַכט. זיי האָבן ניט געגלויבט, אז אויך זיי אַליין וועלן קענען א תקומה האָבן. זיי זיינען געווען זיכער, אז עס וועט ניט קיין פיל צייט נעמען, און עס וועט פון זיי ווערן דאָס זעלבע, וואָס איז געוואָרן פון די עשרת השבטים. אויך זיי וועלן פון דער ארומיקער באַפעלקערונג פארשלונגען ווערן, ווי יענע זיינען פאַרשלונגען געוואָרן. אזוי האָבן זיי געגלויבט דאַמאָלס. עס זיינען

אָבער וואונדער איבער וואונדער געשעהען און דאָס וואָס איז געקומען איז אזוי אין קעגנזאץ געווען צו דעם, וואָס זיי האָבן דערוואַרטעט, עס זאָל קומען.

עס איז דער גרויסער נס געשעהען, און די פאַרדאַרטע בלעטלעך האָבן זיך מיט פרישע כחות און מיט פרישן לעבן באַנייט. ניט נאָר זיינען זיי ניט פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג פאַרשלונגען געוואָרן, נאָר ערשט דאָרטן האָבן זיי אין העכסטן זין פון וואָרט אלס „חטיבה מיוחדת" אָנגעהויבן צו לעבן, ערשט דאָרטן האָבן זיי אָנגעהויבן צו לעבן א לעבן פון טיפן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין. ערשט דאָרטן האָט זייער לעבן אַן אייגענעם אידישן אינהאַלט אָנגע־הויבן צו פאַרמאָגן. עס האָט גאָט זיין וואָרט געהאַלטן, אז „אפילו, ווען ער וועט זיי שטראָפן שווער, וועט זיי אָבער דאָך ניט זיין שטראָף אויף אזוי ווייט טרעפן צו פאַרלענדן זיי אינגאַנצן".

ב

# דער איבערגאַנג פון פילע ניט־אידן אין בבל צום אידנטום

מיט פרייד און גאַפונג זעען די גולים די רעאַליזירונג פון דער נבואה „ובאו האובדים מארץ מצרים והנדחים בארץ אשור." — מחנות גאנצע פון אַסימילירטן אידענטום, וואָס האָבן זיך אין די ווייטעסטע ווינקעלעך פון די לענדער, וואָס האָבן זיך ארום בבל געפונען, האָבן זיך קיין בבל געטראָגן און האָבן זיך דאָרטן אין אידישן אָרגאַניזם אנגעהעפט. — וואונדערלעכע נסים געשען. — אַ צופלוס ניט נאָר פון אינווייניג, נאָר אויך פון דרויסן. — אנשטאָט די גולי בבל זאָלן פון דער ארומיקער באַפעלקערונג פאַרשלונגען ווערן, איז גאָר א פאַרקערטע דערשיינונג פאָרגעקומען. — פילע פון דער ארומיקער ניט־אידישער באַפעלקערונג שליסן זיך אין אידישן פאָלק אָן. — די באַוואונדערונג, מיט וועלכע די ניט־אידישע באַפעלקערונג אין בבל איז פאַר דעם קליינעם אידישן ישוב געשטאַנען. — צום ערשטן מאָל האָט זיך דאן דער אידישער איינפלוס אויף דער ארומיקער וועלט אָנגעהויבן. — די „ענוים", די „אבלי ציון" און „צמאים לדבר ה'".

און צוזאמען מיט דעם וואונדער — וועגן וועלכן איך האָב פריער גערעדט — וואָס האָט זיך באוויזן פאַר זיי — פאַר די גולי בבל — האָבן זיי אויך דעם נאָך גרעסערן וואונדער פאַר זייערע אויגן דערזען. אנשטאָט עס זאָל מיט זיי געשעהן דאָס, וואָס עס איז מיט די גולי ישראל געשעהן, איז גאָר מיט פילע פון די גולי ישראל געשעהן דאָס, וואָס עס איז מיט זיי געשעהן. אנשטאָט עס זאָל נאָך אויך דער לעצטער איבערגעבליבענער אבר אָפּשטאַרבן, זייַנען נאָר פילע פון די פריער אָפּגעשטאָרבענע איברים צוריק לעבעדיק געוואָרן. דער אָפּקלאַנג פון דעם אינטענסיוון נאַציאָנאַל־אידישן לעבן פון די גולי בבל האָט זיך פאַרטראָגן אין די ווייטעסטע ווינקעלעך פון די לענדער, וואָס האָבן זיך ארום בבל געפונען, און האָט אויך דאָרטן אין די „עצמות היבשות" א רוח חיים אריינ־

נעבלאָזן. די עכאָ פון דער נאַציאָנאַלער דערוואַכונג פון די גולי בבל, וואָס האָט יענע לענדער דערגרייכט, האָט באַוויזן וואונדער אויפצוטאָן צווישן דער דאָרטיקער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט שוין אַזויפיל דורות אין פאָלשטענדיקער נאַציאָנאַלער אויפ־לייזונג געלעבט, אויף וועלכע עס זיינען שוין אַלע האָפנונגען פאַר־לאָרן געווען צו קענען זיי צום אידישן אָרגאַניזם צורעכענען. די ידיעות וועגן דעם גרויסן אידישן צענטער, וואָס האָט זיך פאָרמירט אין בבל, האָבן שטראָמען גרויסע ארויסגעריסן פון יענע לענדער פון צווישן די אָרטיקע אידישע עלעמענטן, וואָס האָבן אין אַ משך פון אַזויפיל דורות שוין אין די אַלע מ״ט שערי טומאה געזונקען, אין אַ משך פון אַזויפיל לאַנגע פעריאָדן יאָרן אין פולשטענדיקער אויסמישונג געלעבט מיט דער ארומיקער באַפעלקערונג, אַזוי, אַז מען האָט שוין ניט געגלויבט, אַז עס זאָלן זיך נאָך אַלץ ערגיץ וואו איינינקע עלעמענטן פון די גולי ישראל געפינען, וואָס זאָלן נאָך כאָטש אירגנד וועלכע סימנים ארויסווייזן פון צו אַ באַזונדער שטאַם באַלאַנגען; די דאָזיקע ידיעות האָבן שטראָמען גאַנצע פון אידישע עלעמענטן פון יענע לענדער ארויסגעריסן און האָבן זיי קיין בבל פאַרטראָגן און האָבן זיי מיט דעם אידישן אָרגאַניזם דאָרטן באַהעפט. צווישן די אַלע אַנדערע נבואות, וואָס זיינען מקויים געוואָרן, האָט דער גלות בבל אַזוי אַרום אויך געזען פאַרווירקלעכט ווערן די נבואה, אַז „עס וועלן די טעג קומען, ווען די בני יהודה, זיי מיט די בני ישראל צוזאַמען, וועלן גיין און וויינען און גאָט, זייער גאָט זוכן", די נבואה פון „ובאו האובדים מארץ מצרים והנדחים בארץ אשור". דער אידישער אָרגאַניזם, וואָס איז געווען אין אַ משך פון אַזויפיל הונדערטער יאָרן אויף צווייען צעשניטן, אויף בית יהודה און בית ישראל, האָט פאַר זייערע אויגן אָנגעהויבן צוריק גאַנץ ווערן.

און ניט נאָר פון אינוויינינק איז פריש און געזונט לעבן צוגעקומען צום אידישן אָרגאַניזם דאַמאָלס, נאָר אויך פון דרויסן. די צאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרגרעסערט ניט נאָר דורך דעם צופלוס פון די אידישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די ארומיקע לענדער פון בבל, וואו זיי זיינען צוריק מיט דורות פאַרטריבן געוואָרן, נאָר אויך דורך דעם צופלוס פון ניט

אידישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך מיט דעם אידישן ישוב אין בבל פאַראייניקט.

עס איז דאן ווירקלעך איין וואונדער גרעסער פון צווייטן פאַר־נעקומען. אנשטאט זיי, די גולי בבל זאָלן, ווי זיי האָבן מורא געהאט, פון דער ארומיקער באַפעלקערונג פארשלונגען ווערן, איז גאָר א פאַרקערטע דערשיינונג פאָרגעקומען. פילע פון דער ארומיקער באַ־פעלקערונג זיינען צום אידנטום איבערגעגאַנגען.

מיט א געפיל פון טיפער באוואונדערונג און ענטציקונג איז די ניט־אידישע באַפעלקערונג פון בבל פאַר דעם קליינעם אידישן קבוץ דאָרטן געשטאַנען און אין דעם אלעם מיט אים געשעהענעם זיך פארטיפט. ווי האָט זיך דאָס ביי דעם דאָזיקן קליינעם פאָלק אזא גוואלדיקער כח גענומען, איבערצוטראָגן דעם גרויסן אומגליק, מיט וועלכן זיי זיינען געפרואווט געוואָרן? ווי אזוי איז זייער מוט געגנצ־לעך ניט צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן אונטער דעם שווערן דרוק פון די שרעקלעכע יסורים, וואָס האָבן זיי געטראָפן? וואו האָבן זיי אזויפיל מאָראלע דערהויבנקייט גענומען, זיי זאָלן אזוי געלייטערט און געהייליקט ארויסקומען פון די נסיונות, מיט וועלכע זיי זיינען געפרואווט געוואָרן? ווי אזוי זיינען זיי ניט דורך די דאָזיקע שרעקלעכע יסורים, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט צוגעקומען צו דער מדרגה פון „וקצף וקלל במלכו ואלהיו״? וואָס פאַר א מעכטיקער לעבנס־קוואל שלאָגט עס אין זייערע הערצער, אז נאָכדעם, וואָס זיי האָבן אזא שרעקלעכע קאטאסטראָפע איבערגעלעבט, באזיצן זיי דאָך אזא וואונדערבארע פייאיקייט, עס זאָלן ביי זיי אזוינע קרעפ־טיקע טרוימען און האָפנונגען שיינע זיך קענען פאַנאַנדערבליען? פון וואנען שעפּן זיי אזא מערקווירדיקע נאַציאָנאַלע גבורה, צו קענען ביישטיין די ברוטאַנדע כוואַליעס, וואָס וואַרפן זיך אויף זיי פון ארום צו פארשלינגען זיי, ווען זיי זיינען אזוי ווייניק אין צאָל געבליבן? אז שבלים בודדות זאָלן קענען אזא טיפע און רייכע קולטור פון זיך ארויסברייגנען? אז דער קליינער „שארית הפליטה״ פון א פאָלק, וואָס איז אין דער גרעסטער מערהייט זיינער פארטיליקט געוואָרן, זאָלן קענען אָט אזא מעכטיקע און שאַרף אויסגעשפּראָכענע נאַציאָ־נאַלע איינהייט פאָרמירן?

זיי זיינען מיט דער גרעסטער באוואונדערונג געשטאַנען פאַר

דעם קליינעם אידישן ישוב אין בבל, מיט דעם גרעסטן „יראת הכבוד" זיינען זיי געשטאַנען פאַר דעם ריינעם זיטלעכן לעבן פון די גולים, פאַר זייערע מאָראַלע פירונגען און געלייטערטן רעליגיעזן גלויבן. און די דאָזיקע גרויסע באַוואונדערונג זייערע, די דאָזיקע טיפע אַכטונג זייערע איז ביי זיי אין א הייסן באַגער פאַרוואַנדלט געוואָרן צום דאָזיקן וואונדער פאָלק צו באַלאַנגען, א טייל פון אים צו ווערן, צו קענען אויך זיך באַטראַכטן אַלס די קינדער פון אָט יענעם גאָט, וואָס קען אָט אַזוינע גרויסע וואונדער באַווייזן, וואָס קען צו אָט אַזאַ גרויסער הויך א פאָלק דערהויבן.

נישטיק און קליין האָבן ביי זיי זייערע אייגענע פון מעטאַל און האָלץ געמאַכטע געטער אָנגעהויבען אויסצוזעהן, און זיי האָבן זייערע אויגן אָנגעהויבן צו ווענדן צום גרויסן אידישן גאָט, וואָס, וואָס מער מען ווענדעט די אויגן צו אים, אַלץ ווייניקער זעט מען אים, וואָס, וואָס מער מען זוכט אים אַלץ מער ווערט מען ווייטער פון אים, און וואָס מער מען ווערט ווייטער פון אים, אַלץ מער פילט מען אים; דעם גרויסן אידישן גאָט, וואָס פון זיין פאַרבאָרגענקייט און זיין פאַרהוילנקייט נעמט ער ניט פון קיין זאַך זיין השגחה אָפּ.

אין אָט יענער תקופה זיינען פילע ניט אידן צום אידנטום איבערגעגאַנגען און עס האָט זיך דאַן אַזוי אַרום צום ערשטן מאָל דער אידישער איינפלוס אויף דער אַרומיקער וועלט אָנגעהויבן. צום ערשטן מאָל האָבן דאַן ניט אידישן עלעמענטן באַוואוסטזיניק און אייגנוויליק, דורך איבערצייגונג און אידעאָלאָגישע מאָטיוון זייער שיקזאַל מיט דעם שיקזאַל פון אידישן פאָלק פאַראייניקט. שפּעטער זיינען אַזוינע דערשיינונגען זייער אָפט פאָרגעקומען אין דער אידישער געשיכטע. עס איז, כמעט, קיין איין וויכטיקע תקופה פון אונזער געשיכטע ניט פאַראיבער, דאָס אידנטום זאָל ניט געוועזן אויסאיבן אין איר זיין איינפלוס אויף דער אַרומיקער וועלט אין דער דאָזיקער ריכטונג. עס זיינען א פּאָר פעלע פאָרגעקומען, ווען עס האָט שיעור ניט געהאַלטן דערביי דאָס אידישע גלויבן זאָל די גאַנצע וועלט באַהערשן, דאָס אידישע גלויבן זאָל דאָס גלויבן פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט ווערן. פעלע אָבער פון גרעסערע און קלענערע — וועלכע האָבן אויך א מאַסן כאַראַקטער געטראָגן —

איבערגאַנגען פון ניט אידן צום אידנטום זיינען זייער פיל אין אַלע צייטן פאָרגעקומען. צום ערשטן מאָל אָבער איז די דאָזיקע דער־שיינונג, ווי געזאָגט, אין גלות בבל פאָרגעקומען, און די אַלע וויטערדיקע ענלעכע דערשיינונגען זיינען אירע פאָרטזעצונגען געווען.

אָט אויף אזא מדרגה פון קדושה און תוספות קדושה האָבן זיך די גולי בבל געפונען. אָט אזא רייך און אינטענסיוו גייסטיק לעבן האָבן זיי געלעבט דאָרטן.

שוין אין יענעם דור זיינען שוין פאַלשטענדיק פאַרענדיקט און פאָרמירט געוואָרן די הויפּט טיילן פון דער פּראַכטפולער געביידע פון אידנטום, ווי זי האָט זיך אין דער וויטערדיקער געשיכטע פאר אונזערע אויגן געזען. דאָס אידנטום האָט אין די וויטערדיקע עפּאָכן זיך ענטוויקלט לויט די הויפּט פּרינציפּן, וואָס זיינען שוין דאַן אויסגעאַרבעט געוואָרן. דאָס אידנטום פון דער צייט פון חורב׳ בית שני, ווען עס האָט זיך שוין אין דער קלענסטער מאָס אפילו ניט געוואקלט מער אויף פארשיידענע זיך ווידערשפּרעכנדע וועגן, נאָר האָט שוין געהאט פאר זיך איין און איינציקן גראדן וועג, אין וועלכן עס זיינען אַלע אנדערע וועגן פארלאָרן געגאנגען, פון דער צייט פון חורבן בית שני, ווען דאָס אידנטום איז פאר דער וועלט ארויסגעטראָטן מיט א פאַלשטענדיק פאָרמירטן, פון קיינעם ניט באַקעמפטן פון דעם גאנצן אידישן פאָלק אָנגענומענעם אינהאַלט— האָט שוין אין א מיניאטור פאָרם זיין פאָרגענגער געהאט אין דעם גלות בבל.

אין פילע דערשיינונגען, וואָס האָבן זיך שפּעטער באַוויזן אין דער אידייען און געדאנקען וועלט פון אידישן פאָלק, זיינען די שפּראָצונגען געווען פון דער זריעה, וואָס זיינען שוין אין יענער עפּאָכע אויף דעם אידישן באָדן פארזייט געוואָרן. די טיפע פּראָ־בלעמען ווערק קהלת און איוב*) זיינען ארום יענער צייט געשאַפן געוואָרן און זיי שטייען אין דירעקטער שייכות מיט אַלעם דעם,

*) וועגן דער מעגליכקייט, אז איוב זאָל געווען קענען געשאַפן ווערן ארום דער צייט, וועגן וועלכער איך רייד, האָב איך שוין געשריבן אין ערשטן טייל אויף זייט 76. וועגן ספר „קהלת" אין זעלבן צוזאַמענהאנג וועל איך שרייבן אין די הוספות, וואָס וועלן קומען צום סוף פון ווערק.

וואָס דער אידישער געדאנק האָט אין די ווייטערדיקע עפּאָכן געשאפן אויף דעם געביט פון רעליגיאָנס פילאָזאָפיע און רעליגיעזער דאג־מא, דער אָנהויב פון פילע ווייטערדיקע באוועגונגען און שטרעמונגען האָט זיך שוין אין יענער עפּאָכע געפונען.

און אָט אפילו אָט אזא אינסטיטוט, ווי די שפּעטערדיקע נזירים, ווי די איסיים און די עקסטרעמע „פּרושים" און „חברים", האָבן שוין זייער פּראָטאָטיפּ אין אָט יענער עפּאָכע געהאט, אין די גרופּן. וואָס האָבן זיך „אבלי ציון" גערופן, און אין צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך פילע פון די מיטגלידער פון דער קעניגלעכער פאמיליע געפונען.

עס איז אין שווערע טרויער וואָלקנס דער גאנצער אידישער ישוב פון בבל איינגעהילט געווען. פיל אין צאָל זיינען דאָרטן געווען די, ביי וועמען אין הארצן עס האָט א שווער טרויער געפיל געלעבט אויף אלעם דעם, וואָס איז פון אידישן פאָלק פארלאָרן געגאנגען. עס זיינען אין יענער תקופה איינגעפירט געוואָרן די פיר תעניתים: עשרה בטבת, ווען נבוכדנצר האָט באלאגערט די מויערן פון ירושלים; תשעה בתמוז, ווען ירושלים איז איינגענומען געווארן. תשעה באב, ווען ער האָט פארברענט דעם בית המקדש און דער תענית אין יאָרצייט פון גדליה בן אחיקם באלד נאָך ראש השנה, ווען גדליה בן אחיקם איז געהרגעט געוואָרן. דער אידישער ישוב אין בבל פלעגט אין די דאָזיקע תעניתים פארברייינגען אין טרויערן און קלאָגן. זיי פלעגן טראָגן דאן אויף זיך טרויער מאנטלען, זיצן מיט א צו דער ערד געבויגענעם קאָפּ אין אש און אויסגיסן זייער הארץ אין פארשיידענע תפלות און קנות.

און ניט נאָר אין יענע טעג אליין פלעגן זיי אויף דעם חורבן פון לאנד און פאָלק טרויערן. זיי פלעגן דאָס אלע טעג טאָן. אין יענער צייט איז דער ענין פון תפלה איינגעפירט געוואָרן ביי אידן. ניט קענענדיק מקריב זיין קיין קרבנות אין א פרעמד לאנד און ניט אין בית המקדש, האָבן די גולים פארביטן די קרבנות מיט תפלות, וואָס זיינען באשטאנען פון פארשיידענע מזמורים און שירים, אין וועלכע זיי פלעגן ווײנען און קלאָגן אויף דעם גרויסן אומגליק, וואָס עס האָט זיי געטראָפן, און מתפלל זיין צו גאָט, ער זאָל זיי, ווי

פריער צוריק אויפריכטן. די תפלות פלעגן זיי אין א באשטימטן פּלאַץ, וואו זיי פלעגן זיך אלע צוזאמענקומען, דריי מאָל א טאָג איינריכטן, און די גאַנצע צייט פון זייער מתפלל זיין האָבן זיי זייערע געזיכטער געהאלטן געווענדעט צו ירושלים, דער אביעקט פון זייער טרויער און בענקשאפט, פון זייער פארהייליקונג און פארגעטערונג.

מער אבער, ווי אלע אנדערע, זיינען אין שווערן טרויער איינגעהילט געווען שטענדיק אָט יענע אויבנדערמאָנטע גרופּע פון די „אבלי ציון", פון די ענוים, פון די „צמאים לדבר ה'". זיי האָבן שטענדיק אויף דעם חורבן געקלאָגט און האָבן אויך שטענדיק אויסטענדיק ... אויף דעם חורבן געקלאָגט און האָבן אויך שטענדיק אוישטענדיק סימנים פון אבילות אויף זיך געטראָגן. אלע זייערע געפערלעכע סימנים פון אבילות אויף זיך געטראָגן. אלע זייערע געדאנקען זיינען שטענדיק מיט ציון געווען פארנומען. „מיינע טרערן זיינען פאר מיר בייטאָג און ביינאכט מיין ברויט געווען". דער פארלאנג ציון און ירושלים צו זען האָט ביי זיי אלע אנדערע פארלאנגען פארשלונגען. „ווארום דיינע קנעכט האָבן באגערט אירע שטיינער און איר ערד האָבן זיי ליב". ווי אבלים זיינען זיי שטענדיק אין לעבן ארומגעגאנגען. טיפער טרויער און געבעט איז דער הויפט טאָן פון זייער לעבן געווען. און זייער גאנצן לעבן האָבן זיי אין קדושה און אין פרישות פארבראכט.

אין רירנדע טרויערפולע שורות שילדערט אונז מיט וואונדערלעכער מייסטערשאפט איינער פון די גרויסע עלעגישע וואָרט־קינסטלער פון יענער צייט, איינער פון די וואונדערלעכע בני קרח דיכטער, די שאפונגען פון וועלכע זיינען אין תהילים בוך אריינגענומען געוואָרן, די גוואלדיקע בענקשאפט, פון וועלכער די גולי בבל זיינען באהערשט געווען נאָך דעם אלעם, וואָס עס איז פאר זיי איצט פארלאָרן געווען.

ווי די דורשטיקע חיות אין וואלד און אין פעלד, וואָס רייסן זיך צו די קוואלן פון וואסער, אָט אזוי האָט זיך די נשמה זייערע צו גאָט געריסן. ווארום „דורשטיק איז די נשמה זייערע צו גאָט, צום לעבעדיקן גאָט געווען." עס איז שטענדיק זייער הארץ און זייער לייב מיט געזאנג צום לעבעדיקן גאָט פול געווען."

און אין טיפן טרויער איינגעהילט האָבן זיי זייערע אויגן צו די הימלען געווענדט און געפרעגט: „ווען וועלן מיר ווידער אין

גאָטס הויז קומען און פון גאָט געזען ווערן?" א גרויסע בענקשאפט, צו „די הויפן פון גאָט," אין וועלכע זיי האָבן זיך אמאָליקע יאָרן געפונען, האָט זיי ביז צו כלות הנפש באהערשט. הלואי וואָלטן זיי זיך כאָטש אויף א ווײַלע ווידער אמאָל אין די הויפן פון גאָט געקענט געפינען, וואָלטן זיי דאָרטן יעדער שטיין אויסגעקושט, יעדן שפּאַן ערד מיט זודיקע טרערן באגאָסן. ווייט און פארוואָגלט אָבער זײַנען זיי פון דאָרטן. די פויגעלעך אין הימל קענען דאָרטן פאר זיך א הויז געפינען און א נעסט פאר זייערע קינדער בויען". נים זיי אָבער קענען פון אָט אזא גליק געניסן. אין פארשטויסנקייט פון גאָטס הויז מוזן זיי לעבן.

ג

# דער מאַטעריעלער וואוילזיין פון די גולי בבל

דער מאַטעריעלער וואוילזיין פון די אידן אין בבל. — דער הויכער מאָראַלער מצב זייערער. — „ונתתים לרחמים לפני שוביהם". — נבוכדנצר האָט זיך צו די גולים מיט גרויס איינזען באצויגן. — פאַרמירטע גרופן־איינהייטן. — ערד ארבעט — די הויפט באַשעפטיקונג פון די גולים. — באַשעפטיקן זיך זיך אויך מיט מסחר. — דער אנטייל פון די גולים אין פאָליטישן לעבן פון לאַנד. — דער אידישער מצב אין בבל פאַר דער צייט פון אויל מרודך. — די באַפרייאונג פון קעניג יהויכין נאָכן טויט פון נבוכדנצר. — די פארגעטערטע לאגע פון די גולים פאר דער צייט פון קעניג נאַבאָנאַד. — די גולים פירן אָן אַ קאַמף קעגן שונא זייערן. — זייער שטאַרקער גלויבן, אז זיי וועלן איבערלעבן די אייזערנע האַנט, וואָס האָט אזוי ווילד איבער זיי געהערשעוועט.

עס האָבן זיך פארשיידענע אומשטענדן גינסטיק קאָמבינירט, צו שאפן די אלע נויטיקע מעגלעכקייטן פאר א רייך און שיין גייסטיס אידיש לעבן אין בבל פאר דער צייט, וואָס די אידן האָבן זיך דאָרטן אין גלות געפונען.

און א פאַקטאָר פון ניט קיין קלײנער באַדייטונג אין דער דאָזיקער ריכטונג איז אויך געווען דער מאַטעריעלער וואוילזיין, פון וועלכן די אידן האָבן דאָרטן פאר אָט יענער צייט גענאָסן, און די הויכע סאָציאַל־פּאָליטישע שטעלונג אין וועלכן זיי האָבן זיך דאָרטן געפונען.

מאַטעריעלע נויט און סאָציאַלע שפלות לאָזן ניט דעם אינערלעכן איך פון מענטשן צו זיין פולן אויסדרוק קומען. און ווי גרויס עס זאָל ניט זיין דאָס פאַרבאָרגענע ליכט אין דער נשמה זיינער, מאכן זיי אוממעגלעך פאר אים, עס זאָל זיך קענען אויף דער ליכטיקער וועלט באַווייזן. זיי האַלטן אים מיט קליינלעכע זאָרגן באַשעפטיקט שטענדיק פאר די „חיי שעה" זיינע, אזוי, אז עס בלייבט אים שוין קיין צייט ניט איבער פאר די חיי עולם זיינע צו זאָרגן. זיי

האלטן שטענדיק אין קייטן געשמידט די שעפערישע ענערגיע זיינע צום טאָג־טעגלעכן קאמף פאר דער געמאַטערטער עקזיסטענץ זיינער, און עס בלייבט שוין פון איר גאָר ניט איבער פאר דעם גרויסן און וויכטיקן.

און דאָס זעלבע איז אויך מיט סאָציאַלער שפלות.

א מענטש איז ניט נאָר דאָס, וואָס ער איז, נאָר אויך דאָס, וואָס אנדערע דיינקען, אז ער איז. די שפּאָט און שאנדע וואָס ער באגעגנט ארום זיך, אטראָפירן אין אים זיין גלויבן אין זיך, לעשן אויס אין אים דעם באוואוסטזיין זיינעם אויף די פארבאָרגענע גרויסע כחות, וואָס לעבן אין אים, און ער אויך אליין הויבט אָן צו קוקן אויף זיך מיט די זעלבע אויגן, וואָס די אנדערע קוקן אויף אים. קיין אנדער זאך מאכט ניט אזוי טעמפּ דעם מענטשן, האלט אים ניט אזוי פעסט צו דער ערד געבונדן און לאָזט ניט זיין גייסט דערהויבן זיך צו די אלע מעגלעכע פאר אים הויכקייטן, ווי די קליינלעכע זאָרגן זיינע.

און דעריבער איז דאָס א גרויסע ברכה געווען פאר די גולי בבל דאָס, וואָס זיי האָבן זייער ענערגיע ניט באדארפט פארשווענדן אין א קליינלעכן קאַמף פאר מאטעריעלער עקזיסטענץ. און דעריבער איז דאָס א גרויסע ברכה געווען פאר די גולים דאָס, וואָס זיי האָבן זיך אויף א הויכער סאָציאַלער שטעלונג געפונען אין בבל.

דאָס אלעס האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט אלע זייערע אינער־לעכע כחות לידי התגלות ארויסברייננגען; דאָס אלעס האָט א פאָלקאָמע ענטוויקלונג פאר זייער גייסטיקן איך מעגלעך געמאכט. „ונתתים לרחמים לפני שוביהם" — די פאנגער זייערע וועלן זיך צו זיי מיט רחמים באציען, דאָס איז געווען די ברכה, מיט וועלכער גאָט האָט דורך זיין נביא ירמיהו די גולי ירושלים געבענשט.

און ווירקלעך, נבוכדנצר האָט אויך יעצט נאָך דעם, ווי ירושלים איז א באזיעגטע פאר זיינע פיס געלעגן, מיט גרוים איינזען צום באזיעגטן שונא זיך באצויגן. די אכזריות, מיט וועלכער ער האָט די אידן באהאנדלט, ווען ער האָט צום דריטן און לעצטן מאָל באַ־לאגערט ירושלים, ווען ער האָט דאָס גאנצע לאנד אין א מדבר פאר־וואנדלט און די גאנצע באפעלקערונג, כמעט, פון לאנד פארטריבן, האָט נאָך דעם, ווי ער האָט שוין פאָלשטענדיק זיין נקמה־געפיל

געזעטיקט, אָפּגעטראָטן איר פּלאַץ פאַר א מער מילדערער און ווייכער באַציאונג. עס איז זיין אמביציע געווען די נייע געגרינדעטע מלוכה זיינע רייך און שטאַרק צו זען. און דעריבער האָט ער קיין דרוק ניט אויסגעאיבט אויף קיינע פון די פרעמדע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס עס האָבן זיך אין זיין לאַנד געפונען. ער האָט ניט איינגעטיילט די באַפעלקערונג אין פאַרשיידענע קלאַסן, אין מער פּריווילעגירטע און ווייניקער פּריווילעגירטע, ער האָט די אַלע פאַרשיידענע עלעמענטן פון דער באַפעלקערונג גלייכע מעגלעכקייטן געגעבן, מאַטעריעלן וואוילזיין פאַר זיך צו ערווערבן. אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט דעם זיג זיינעם איבער דעם שונא אָפּגעהאַלטן, האָט ער אים שוין אויפגעהערט אלס שונא צו באַטראַכטן, נאָר ווי א וויכטיקן טייל פון דעם אַלגעמיינעם מלוכה־אָרגאַניזם, וואָס זיין וואוילזיין איז אויך דער אַלגעמיינער וואוילזיין פון דער גאַנצער מלוכה.

און דעריבער האָט ער אויך די אידן אָן א געפיל פון נקמה גענומען און פון אָפּרעכענען זיך מיט זיי פאַר דעם האַרטנעקיגן קאַמף, וואָס זיי האָבן פריער אָנגעפירט קעגן אים, באַהאַנדלט. ער האָט אָנערקענט דעם גרויסן נוצן, וואָס דאָס לאַנד קען פון זיי האָבן און ער האָט זיי די פולע פרייהייט געגעבן, זיי זאָלן קענען אַלע זייערע פייאיקייטן ענטוויקלען, דורך וועלכע עס זאָל פאַר זיי און פאַר דער מלוכה גליק און רייכטהום געשאַפן ווערן.

און עס איז אַזוי אַרום געשען, אז דאָס לעבן פון די גולים אין בבל האָט מיט זיך כלל ניט פאָרגעשטעלט א בילד פון אן אונ־טערדריקטער נאַציע, פון פאַרשקלאַפטע געפאַנגענע מאַסן, פון מענטשן, וואָס געפינען זיך עקאָנאָמיש און סאָציאַל אויף די נידעריקסטע שטאַפּלען פון דער געזעלשאַפט, נאָר פאַרקערט א בילד פון פּריווי־ליגירטע מענטשן, פון מענטשן, וואָס געפינען זיך אויף די העכסטע מדרגות פון סאָציאַלן און עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד.

און נאָך מער, זיי האָבן דאָרטן נאָך אויך אַלס א באַזונדער נאַציאָנאַלע איינהייט געלעבט. זיי האָבן דאָרטן אויך א געוויסע מאָס פון זעלבסטשטענדיקייט פאַרמאָגט. זייענדיק א טייל פון א פרעמדן מלוכה־אָרגאַניזם האָבן זיי דאָך געהאַט די מעגלעכקייט אַלס א באַזונדער קבוץ צו לעבן.

די פריינדלעכע באהאנדלונג, מיט וועלכער נבוכדנצר האָט די גולים באהאנדלט, איז אזוי ווייט געגאנגען, אז פאמיליעס גאנצע און קבוצים פון די ערי יהודה ובנימין מיט די אלע קנעכט און משרתים זייערע האָבן באקומען פון אים די פריווילעגיען צו וואוינען צוזאמען. זיי האָבן זיך איינגאנצן פריי געפילט און אלע זייערע מנהגים און רעכטע זיינען רעספעקטירט געוואָרן. די מער חשובע פאמיליען, די אלע פאמיליען, וואָס האָבן פון קעניגלעכן הויז געשטאמט, די נאָכקומער פון יואב, פחת־מואב, די פרעוש פאמיליע און אנדערע האָבן מיט זיך באזונדערע גרופן־איינהייטן פאָרמירט און האָבן דאָרטן די גאנצע צייט אלס אזעלכע געלעבט, פון דעם מאָמענט, ווען זיי זיינען אהין פון ירושלים פארטריבן געוואָרן ביז צום מאָמענט פון דער ערשטער עליה פון בבל, ווען די גולים האָבן זיך געלאָזט גיין אין ארץ ישראל אין באזונדער פאָרמירטע משפחה גרופן און אין פאראייניקטע קבוצים לויט די שטעט, פון וועלכע זיי זיינען פריער פון ירושלים קיין בבל געקומען. זייענדיק אזא לאנגע צייט אין דער פרעמד, האָט זיך זיי דאָך איינגעגעבן די אלע רינגעלעך פון דער פאמיליען קייט פעסט פאראייניקט צו האלטן, די עקזיסטענץ פון באזונדערע איינהייטס־פאמיליען איינצוהיטן.

די דאָזיקע אויבנדערמאָנטע פאמיליען האָבן געהאט דאָס רעכט צו רעגירן זיך לויט זייערע פאמיליען מנהגים און טראדיציעס. אפילו די נתינים, וואָס האָבן באדינט דעם בית המקדש און די אנדערע פון דער מלוכה־קנעכט, וועלכע זיינען מיטגעגאנגען מיט זייערע בעלי בתים אין גלות, האָבן געלעבט אין גרופן צוזאמען לויט זייער אייגענעם פארלאנג און ווילן.

דער גרעסטער טייל פון דער אידישער באפעלקערונג האָט זיך באשעפטיקט מיט ערד־ארבעט, נבוכדנצר האָט זיי גרויסע שטחן ערד איינגעטיילט און זי — די ערד — איז פון זיי אָדער פון זייערע קנעכט באארבעט געוואָרן. פילע פון דער אידישער באפעלקערונג דאָרטן האָבן פיל קנעכט, פערד, אייזלען און קעמלען פארמאָגט.

און ניט נאָר מיט אגריקולטור אליין האָבן זיך די אידן אין בבל באשעפטיקט. זיי האָבן זיך אויך אין מסחר דערפאָלגרייך ארויס־געוויזן. א דאנק דער ענלעכקייט פון דער אראמעאישער שפראך, וועלכע איז די מער אָנגענומענע געווען אין בבל, צו דער העברע־

אישער האָבן זיי זי גיך איבערגענומען, און האָבן אזוי ארום שנעל דערוואָרבן די מעגלעכקייט צו קענען זיך צוזאמענריידן מיט די איינ־וואוינער פון לאנד און פארקניפּן מיט זיי האנדלס באציאונגען.

און אויך אין דעם פּאָליטישן לעבן פון לאנד איז באדייטנד געווען דער אָנטייל פון די גולים. אין דער צייט פון די אלע באלאַ־גערונגען זיינע אויף ירושלים האט נבוכדנצר אוועקגעפירט פילע פרינצן און אנדערע מיטגלידער פון די גרויסע אָנגעזעענע פאמיליען אין ירושלים און האט זיי ביי זיך אין הויף א קעניגלעכע דערציאונג געגעבן. זיי זיינען דאָרטן זיינע פאזשן געוואָרן און פילע פון זיי האט מען נאָך דעם, וואָס זיי זיינען אויסגעוואקסן און רייף גע־וואָרן פאר זיינע סריסים און יועצים געמאכט, און זיי האָבן א באדייטנדן איינפלוס אויף דער פּאָליטיק פון לאנד אויסגעאיבט.

און נאָך העכער איז געוואָרן די סאָציאַלע שטעלונג פון די אידן אין בבל נאָך דעם, וואָס נבוכדנצר איז געשטאָרבן, פינף־זעקס און צוואנציק יאָר נאָכדעם, ווי ער האָט חרוב גע־מאכט דעם בית המקדש. זיין נאָכפאָלגער, אויל מרודך, זיין זון, איז בכלל ניט געראָטן געווען אין זיין פאָטער, וואָס אמבאַ־לאנגט זיין מוט און זיין מיליטערישע העלדישקייט. ער האָט ניט געהאט קיין אמביציעס, ארויסצואווייזן אויסצייכנונגען אויף דעם שלאכטפעלד און האט זיך בכלל ניט זייער פיל אָפּגעגעבן מיט די מלוכה אינטערעסן. וואָס אמבאלאנגט אָבער זיינע באציאונגען צו אידן איז ער נאָך זיין פאָטער איבערגעשטיגן. זיין הויף איז פול געווען מיט אידישע סריסים, אָפּשטאמלונגען פון מלכות בית דוד, וועלכע האָבן אונטער זייער השגחה געהאלטן ניט נאָר דאָס הארעם לעבן פון קעניג, נאָר אויך דאָס גאנצע פּאָליטישע לעבן פון לאנד.

און אָט די דאָזיקע מקורבים און יועצים זיינע פון יהודה זיינען עס געווען די, וואָס האָבן אויף אים זייער איינפלוס אויסגעאיבט, ער זאָל באפרייען דעם געפאנגענעם קעניג יהויכין, וועלכער האָט זיך שוין דאן ארום זיבן און דרייסיק יאָר אין תפיסה געהאט געפונען. אויל*) מרודך האָט פארביטן זיינע תפיסה קליידער אויף קעניגלעכע מלבושים, איינגעלאדן אים צום קעניגלעכן טיש און אים פארזאָרגט

*) עוויל מאָרא דאָך.

מיט אלעם דעם, וואָס ער האָט נויטיק געהאט. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער געזוכט ארויסצואווייזן אים גרויס כבוד און אויפמערקזאמ־קייט. אַט אזוי פלעגט ער זיין שטול שטעלן העכער פון די שטולן פון די אלע אַנדערע באזיגטע מלכים, וואָס האָבן זיך ביי אים אין הויף געפונען, אין די פייערלעכע מאָמענטן, ווען עס פלעגן זיך צענויפקומען צו אים די אַלע גדולי המלוכה צו פארברייינגען מיט אים. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער אונטערגעשטראָכן די ספּע־ציעלע פריינטשאפט, וואָס ער פילט צום געוועזענעם קעניג פון יהודה.

און צוזאמען מיט דעם, וואָס ער האָט יהויכין באפרייט האָט ער אויך באפרייט פילע פון די אלע אנדערע, וואָס נבוכדנצר האָט צוזאמען מיט אים אין תפיסה געהאלטן פאר זייער באקעמפן אים, און פיל מער פרייהייט געגעבן אויך צו די, וואָס ער האָט נאָך ניט באפרייט אינגאנצן.

די דאָזיקע פריינדלעכע באציאונג זיינע צו אידן איז גע־ווען פון אזא אויסערגעוויינלעכן כאראַקטער, אז פילע עלעמענטן פון דער אידישער באפעלקערונג אין בבל האָבן אָנגעהויבן באַ־טראכטן דעם דאָזיקן מאָמענט אלס דעם מאָמענט, אין וועלכן עס דארף שוין קומען די פארווירקלעכונג פון די הבטחות פון די נביאים. זיי האָבן געהאָפט און געגלויבט, אז די פריינטלעכע באציאונגען פון אויל מרודך צום גולה וועלן זיך ענדיקן דערמיט, וואָס ער וועט זיי דערלויבן צוריקגיין אין זייער לאנד מיט יהויכן אלס זייער קעניג.

און ווער וויים, מעגלעך, אז די דאָזיקע האָפנונג וואָלט טאקי רעאַליזירט געוואָרן. מעגלעך, אז די אידישע יועצים און פריינט זיינע, וואָס האָבן אים ארומגערינגלט, וואָלט זיך טאקי ענדלעך געווען איינגעגעבן איבערצורייידן אים, ער זאָל עס טאָן. עס איז אָבער געקומען אן אויסערלעכע שטערונג און האָט די דאָזיקע אלע שיינע פּלענער און טרוימען צו נישט געמאכט, נאָך א קורצער צייט פון צוויי יאָר רעגירן איז ער דערמאָרדעט געוואָרן דורך זיין שוואָגער נעריגליסאר.

שטארק געענדערט צום ערגערן איז געוואָרן די לאגע פון די גולים פאר דער צייט פון נאבאָנאדס הערשאפט, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן פינף יאָר נאָך אויל־מרודכס טויט און האָט זיך געצויגן ארום זיבעצן יאָר, ביז צום מאָמענט, ווען בבל איז פאר דער מאכט

פון כורש מלך פּרס געפאלן. דער שטאָלץ און מוט פון די גולים זיינען אָבער אין יענעם פעריאָד יאָרן פון ערב דעם גאולה־מאָמענט זייערן נאָך ווייניקער געבראָכן געווען, ווי אין די פריערדיקע יאָרן. די אַלע צרות גרויסע, וואָס זיי האָבן אין יענע יאָרן געהאט אויס־צושטיין, זיינען ניט געווען קיין ערנידעריגנדע פאר זיי. זיי זיינען ניט געווען פאר זיי קיין זינלאָזע און צוועקלאָזע. זיי האָבן פאר זיי א גרויסן זין און צוועק געהאט. די אונטערדריקונגען און פארפאָל־גונגען, וואָס זיי האָבן געהאט אויסצושטיין פון נאבאָנאדן, זיינען ניט געווען קיין אונטערדריקונגען און פארפאָלגונגען, וואָס שיטן זיך אויף דעם קאָפּ פון צעטראָטענע און צעריבענע ווערים־מענטשן, אונטערדריקונגען און פארפאָלגונגען, וואָס א שוואכער, הילפלאָזער און מוטלאָזער מענטש האָט אויסצושטיין פון א שטארקערן און העכ־ערן פון אים. זיי — די גולים — זיינען כמעט א גלייכער כח — אין מאָראלן זין אלנפאלס — געווען מיט דעם שונא זייערן. זיי האָבן מיט אים א גלייכן קאמף געפירט. און ניט נאָר א פארטיידי־קונגס־קאמף האָבן זיי קעגן אים אָנגעפירט, נאָר אויך אן אָנגריפס־קאמף. זיי האָבן קעגן אים א פּאָליטישן קאמף אָנגעפירט, א קאמף פאר זייער באפרייאונג, פאר זייער זעלבסטשטענדיקייט צו ערווערבן. זיי האָבן ניט קיין פּאסיווע ראָלע געשפּילט אין די צרות, יסורים, וואָס זיי האָבן געהאט פון נאבאָנאדן אויסצושטיין. פּארקערט, זיי האָבן זיי אַליין גערופן אויף זיך. מיט שטאָלץ און קראַפט האָבן זיי דעם ארויסרוף פון שונא אויפגענומען. ווארום זיי זיינען גרייט געווען די גרעסטע קרבנות צו ברייינגען און דעם קאמף פאר דעם גרויסן אידעאל זייערן. ווארום זיי האָבן נאָך דערצו דעם גלויבן און די איבערצייגונג געהאט, אז זיי וועלן די זיגער פון דעם דאָזיקן קאמף ארויס, אז זיי וועלן איבערלעבן די אייזערנע האנט, וואָס הערשעוועט איצט אזוי ווילד איבער זיי, ווי עס איז טאקי שפּעטער ווירקלעך געשען.

ד

# דניאל איש חמודות און זיינע חברים

דניאל, חנניה, מישאל ועזריה. — זיי זיינען ארום אַכצן־ניינצן יאָר פאַרן חורבן קיין בבל פארטריבן געוואָרן, ווען זיי זיינען נאָך קינדער געווען. — מען האָט זיי אויף נבוכדנצרס באפעל, אין קעניגלעכן הויף דערצויגן. — זיי האָבן זיך געשפייזט נאָר מיט גרינסן, און קיין אנדער זאַך אויסער וואַסער ניט געוואָלט טרינקען. — זיי האָבן דאָך אָבער פיל שענער און געזינטער פון אלע אנדערע קינדער, וואָס האָבן זיך אין קעניגלעכן הויף געפונען — אויסגעזען. — זיי האָבן זיך אויך מער פון זיי אלע מיט חכמה, וויסן און בילדונג אויסגעצייכנט. — חנניה, משיאל ועזריה זאָגן זיך אָפּ צו בוקן צום גאָלדענעם צלם, וואָס נבוכדנצר האָט אויפגעשטעלט. — מען וואַרפט זיי אריין געבונדענע אין אַ קאַלך אויוון. — דאָס פייער האָט אָבער אויף זיי קיין שליטה ניט. — נבוכדנצר דערזעט דער ערשטער, ווי זיי שפּאַצירן ארום פראַנק און פריי אין קאַלך אויוון.

צווישן די גרויסע פערזענלעכקייטן, וואָס די אידישע גולים אין בבל האָבן פארמאָגט, האָבן זיך אויך געפונען דניאל און די חברים זיינע חנניה, מישאל ועזריה:*)

באזאָנדערס האָט זיך אויסגעצייכנט צווישן זיי דניאל, וועלכער האָט געשמט פאר א גרויסן צדיק און חכם איבער גאנץ בבל, ניט נאָר ביי די אידן אליין, נאָר אויך ביי דער ניט־אידישער באפעלקע־

*) די נעמען פון דניאל און די חברים זיינע ווערן אויך דערמאָנט אין עזרא און נחמיה צוזאַמען מיט די נעמען פון די פּערזאָנען, וואָס האָבן מיטגעארבעט אינאיינעם מיט עזראן אין ארץ ישראל. די פּערזאָנען אָבער, וואָס ווערן דאָרטן דערמאָנט אונטער די נעמען קענען ניט זיין דיזעלבע, וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין ספר דניאל און — וואָס אַמבאַלאַנגט דניאלן אויך — אין יחזקאל, סיידן מיר זאָלן אָננעמען, אז זיי האָבן א הונדערט פערציק־פופציק יאָר געלעבט.

רונג. צוזאַמען מיט נחן און איובן, דערמאָנט יחזקאל — יחזקאל י״ד, י״ד, כ׳ און כ״ח, — אויך דניאלן אלס מוסטער פון צדקות און חכמה.*)

ויהי דבר ה׳ — ווערט געזאָגט אין איינער פון די אויבן־אָנגע־וויזענע שטעלן — לאמר: בן־אדם, ארץ כי תחטא לי למעל מעל — ונטיתי ידי עליה ושברתי לה מטה לחם והשלחתי בה רעב והכרתי ממנה אדם ובהמה. והיו שלשת האנשים בתוכה: נח, דניאל ואיוב — המה בצדקתם ינצלו נפשם נאום ה׳ אלהים.*)

דניאל, חנניה, מישאל ועזריה זיינען געבוירן געוואָרן אין ארץ ישראל אייניקע יאָר פאר דעם ערשטן חורבן און זיי זיינען געבראַכט געוואָרן קיין בבל, ווען זיי זיינען געווען קינדער.

וועגן זייער קינדהייט ווערט פאָלגנדעס דערציילט אין ספר דניאל, וועלכער ווערט פון דער טראַדיציע טאַקי אים אליין, דניאלן, צוגע־שריבן:

„אויף דעם דריטן יאָר פון קעניגן פון יהויקים מלך יהודה איז געקומען נבוכדנצר דער קעניג פון בבל קיין ירושלים און ער האָט געמאַכט א באַלאַגערונג אויף איר. און גאָט האָט געגעבן אין זיין האנט יהויקים, דעם קעניג פון יהודה און אייניקע פון די כלים פון הויז פון גאָט, און ער האָט זיי געבראַכט אין לאנד שנער. און די כלים האָט ער געבראַכט אין די קאַמערן פון זיין גאָט.**)

---

*) אין נאָמען פון גאָט בייטשט ער דעם נגיד צור פאר דער גאוה זיינער. חכם אתה מדניאל כל סתום לא עממוך. דו האַלסט זיך קליגער פון דניאלן — גיסט ער — יחזקאל — אויף אים — אויף דעם נגיד צור — זיין צאָרן אויס — קיין זאַך איז ניט צו שווער, איז ניט פאַרהוילן פון דיר.

*) און עס איז געווען דאָס וואָרט פון גאָט צו מיר אזוי צו זאָגן: מענטשן־קינד: א לאַנד, אז עס וועט זיך פאַרזינדן אנטקעגן מיר — וועל איך אויס־שטרעקן מיין האַנט צו דעם און וועל צעברעכן פאר דעם יעדן ברויט־אָנשפּאַר און איך וועל אָנשיקן אויף דעם הונגער און איך וועל פון דעם פארשניידן די מענטשן און די בהמות, און אז עס וועלן זיין די דריי מענטשן אין לאנד: נח, דניאל און איוב — וועלן זיי דורך זייער צדקות רעטן (נאָר) זיך אליין. דאָס איז די רייד פון גאָט.

**) אין מלכים ב׳, כ״ד, ווערט ניט דערציילט דאָס אלעס וועגן דעם קעניג יהויקים. דאָרטן דערציילט זיך נאָר, אז יהויקים האָט געדינט דעם מלך נבוכדנצר

דריי יאָר און נאָכדעם האָט ער אין אים מורד געווען. נאָר וועגן מלך יהויכין ווערט דאָרטן דערציילט דאָס אלעס, וואָס עס ווערט דאָ אין דניאל דערציילט וועגן יהויקים. אין „דברי הימים״ ב׳, ל״ו אָבער, וואָס איז געשריבן געוואָרן נאָך מלכים, ווערט דאָס אלעס אויך וועגן יהויקימן דערציילט.

אין דברי הימים ווערט אָבער ניט געזאָגט, אז דאָס איז פאָרגעקומען אויפן דריטן יאָר פון יהויקימס קעניגן. פריער שטייט „ואחת עשרה שנה מלך בירושלים״, און דער נעקסטער פסוק נאָך איהם לייענט זיך: „עליו עלה מלך בבל ויאסרהו בנחושתים להוליכו בבלה. ומכלי בית ה׳ הביא נבוכדנצר לבבל ויתנם בהיכלו בבבל״.

און דער אמת איז, אַז מיר האָבן דאָ כלל ניט מיט אזוינע גוואַלדיקע סתירות צו טאָן. מער ווי די פסוקים אין די אויבנדערמאָנטע ספרי תנ״ך — אין „מלכים״, דברי הימים״ און „דניאל״ — זיינען סותר איינע די אנדערע, דערגענצן זיי גאָר איינע די צווייטע.

ניט נאָר לייקנט ניט אָפּ דער ספּור המעשה אין „מלכים״ דאָס, וואָס עס ווערט דערציילט אין דניאל, נאָר פאַרקערט גאָר. אין אַ פאַרקירצטער פאָרם, אין אלגעמיינע שטריכן באַשטעטיקט ער דאָס אלעס. דער פסוק, וואָס מיר געפינען דאָרטן אין אָט דעם צוזאַמענהאנג, דער פסוק, אין וועלכן עס דערציילט זיך „בימיו עלה נבוכדנצר מלך בבל ויהי לו יהויקים עבד שלש שנים וישב וימרוד״, נאָך וועלכן עס קומט דער צווייטער פסוק, אין וועלכן עס רעדט זיך וועגן דעם ביטערן סוף, וואָס יהויקים האָט געהאט, ענטהאלט ווירקלעך אָט אַזאַ באשטעטיקונג. אין דעם „בימיו עלה נבוכדנצר מלך בבל״, נאָך וועלכן עס קומט „ויהי לו עבד שלש שנים״ ווערט דאָך ווירקלעך דערציילט, אַז אויסער דעם מאָל, וואָס נבוכדנצר איז געקומען אין שנת אחת עשרה למלכות יהויקים אויף ירושלים, איז ער — נבוכדנצר — פריער נאָך איין מאָל געווען דאָרטן. דעם צווייטן מאָל האָט ער אים אינגאנצן פאר אויס מלך געמאכט, אָבּן דעם ערשטן מאָל האָט ער אים אָפּהענגיג פון זיין הערשאפט געמאכט. און דאָס קען שטימען אקוראַט מיט דעם, וואָס אין דניאל ווערט דערציילט, אז בשנת „שלש ליהויקים״ האָט נבוכדנצר באַלאַגערט ירושלים. ווארום לויט דעם, וואָס מיר געפינען אין ירמיהו, אז השנה הרביעית ליהויקים איז שנה ראשונה לנבוכדנצר געווען, קען אויסקומען, אז דאָס יאָר, וואָס ער — נבוכדנצר — איז צום ערשטן מאָל געקומען אויף ירושלים, איז בשנת שלש ליהויקים געווען, ווי עס ווערט אין ספר דניאל געזאָגט, ווען מיר נעמען אָן, אַז דער בשנת שלש פון דניאל מיינט: נאָכדעם, וואָס עס זיינען שוין פולע דריי יאָר אוועקגעגאנגען. אויך פון דער נבואה, וואָס ירמיהו האָט אין פערטן יאָהר געזאָגט אויף יהויקימן, איז צו זען, אז די געשעעניש, וועגן וועלכער עס דערציילט אונז דער ספר מלכים איז אין אָט יענעם יאָר טאַקע פאָרגעקומען.

אויך אין מלכים, אלזא, ווערט וועגן יהויקים דערציילט, דאָסזעלבע, וואָס עס ווערט וועגן אים אין דניאל דערציילט, כאָטש ניט אזוי אויספירלעך, ניט אזוי דירעקט. און אויב דאָרטן ווערט גאָר ניט געזאָגט וועגן דעם, אז

נבוכדנצר האָט פארטריבן, אדער, געוואָלט פארטרייבן יהויקימן קיין בבל, ווי אויך גאָר ניט וועגן דעם, אז ער האָט פון די כלים פון בית המקדש מיט זיך קיין בבל געבראכט, ווי אויך פילע פון די אידישע נאָבל־לייט, מיינט דאָס כלל ניט, אז לויט דעם ספר מלכים איז דאָס אלעס כלל ניט פאָרגעקומען. ער האָט דעם אינצידענט וועגן דער ערשטער באַלאַגערונג נאָר אין זיין הויפּט אינהאלט דערמאָנט. אים האָט ער געמוזט דערמאָנען, כדי עס זאָלן קלאָר ווערן די אלע ענטוויקלונגס־פאַזן פון דער קאַטאַסטראָפע, וואָס עס איז גאָר צו־לעצט אויף דעם אידישן פאָלק געקומען. די פּרטים אבער פון אָט דעם אינ־צידענט זיינען פון אים דורכגעלאָזט געוואָרן, ווי דער מחבר פון דעם דאָזיקן ספר איז אין פילע פעלע זיך נוהג.

און אמת, עס קען זיך אויסווייזן, אז עס וואָס אַמבאַלאַנגט דעם ספר דניאל — געפינט ער זיך יאָ אין א סתירה בנוגע דעם באשפּראָכענעם דאָ ענין. ווארום אויבנאויף זעט דאָך אויס אין דעם, וואָס ער דערציילט וועגן יהויקים, א סתירה צו דער באהויפּטונג, וואָס ווערט איבערגעחזרט אין פילע ערטער פון תנ״ך, אז יהויקים האָט עלף יאָר געקעניגט, אז ערשט צום סוף פון עלפטן יאָר איז ער שוין גאָר אינגאנצן אויס מלך געוואָרן. אויבנאויף זעט דאָרטן אויס, אַז מער ווי דריי יאָר האָט זיין קעניגלעכע קאַריערע ניט אָנגעהאלטן, אז באַלד נאָך די דריי יאָר, וועגן וועלכע עס רעדט זיך דאָרטן, איז פון נבוכדנצרן אלס מלך שוין אן אנדערער באַשטימט געוואָרן. דאָס איז אבער טאקע ניט מער ווי נאָר אויבנאויף. ווארום מיט דעם ספור המעשה פון בשנת שלש ליהויקים מיינט בכלל ניט דער מחבר צוגעבן אונז דעם לעצטן ענדגילטיקן עפּיזאָד פון יהויקימס קאַריערע, אלס מלך, נאָר איין עפּיזאָד פון איר. זיין צוועק איז דאָך ניט געווען צוגעבן אונז א שילדערונג פון יהויקימס לעבן, אָדער צו דערציילן אונז די געשיכטע פון חורבן יהודה. זיין צוועק איז דאָך נאָר צו דערציילן וועגן דניאלן. אויף ווי ווייט דעריבער ער האָט דאָס פאר דעם דאָזיקן צוועק באדארפט, איז פאַר אים גענוג געווען נאָר וועגן אָט יענעם עפּיזאָד צו דערציילן. ער האָט דאָ וועגן יהויקימן גערעדט נאָר אויף אזויפיל, אויף וויפיל עס איז נויטיק געווען פאַר אים צו אינפאָרמירן אונז וועגן דעם, ווי אזוי דניאל איז קיין בבל געקומען.

און אויב אין מלכים זיינען מאהבת הקצור נאָר די אדער יענע פּרטים דורכגעלאָזן געוואָרן בנוגע דער ערשטער באַלאַגערונג אויף ירושלים אין יהוי־קימס צייט, איז די דאָזיקע באַלאַגערונג שוין גאָר אינגאנצן דורכגעלאָזט געוואָרן אין „דברי הימים״. דער מחבר דערציילט אונז נאָר דעם סאמע עיקר, אז „עליו עלה נבוכדנצר מלך בבל ויאסרהו בנחושתים להוליכו בבלה״, ווי אויך, אַז „מכלי בית ה׳ הביא נבוכדנצר לבבל״.

פון דער צווייטער זייט אבער איז כלל ניט אָט דער סאַמע עיקר געשריבן אויף א וועג, עס זאָל אויסקומען, אז עס ווערן דורך אים אָפּגעלייקנט די אלע אַנדערע פּרטים, וואָס ווערן אונז דערציילט אין אנדערע ערטער אין תנ״ך אין פאַרבינדונג מיט יהויקימס לעבן און מיט נבוכדנצרס הערשאפט איבער יהודה

„און עס זיינען געווען צווישן די (פאַרטריבענע) בני יהודה, וואָס דער קעניג האָט געהייסן דערציען ביי אים אין הויף, דניאל, חנניה, מישאל ועזריה.*)

„האָט דניאל זיך עס צום הארצן גענומען, אז ער (און זיינע חברים) זאָלן זיך ניט מטמא זיין מיט דער שפייז פון קעניג און מיט דעם וויין פון זיין געטראַנק. און ער האָט דאָס געבעטן פון שר הסריסים".

„האָט דער שר הסריסים צו אים געזאָגט: „איך האָב מורא פאַר מיין האַר, דעם קעניג, וואָס האָט באשטימט אייער עסן און טרינקען. ער וועט זען, ווי איר זעט אויס ערגער פון די אלע אנדערע

---

אין יהויקימס צייט. פארקערט. ער איז געשריבן אזוי, אז בדרך כלל ווערן זיי גאר אין אים איינגעשלאָסן. דער עלה נבוכדנצר מלך בבל באַדאַרף כלל ניט מיינען, אז עס רעדט זיך דאָ וועגן איין נבוכדנצר עליה, וועלכע איז פאַר־געקומען אין עלפטן יאָר פון יהויקים. ער קען פאַרשטאַנען ווערן אויך אין דעם זין, אַז עס רעדט זיך ניט אין אים נאָר פון דער אדער יענער „עליה" פון מלך בבל, נאָר בכלל וועגן דעם ענין עליה, וואָס איז מיט אים פארבונדן.

און לויט די חז"ל מיינט דער בשנת שלש ליהויקים ניט בשנת שלש למלכו, נאָר בשנה שלש למרדו. לויט זיי נאָך באדארף מען דעם סדר המאורעות אויף פאָלגענדן אופן איינשטעלן: אין פערטן יאָר פון יהויקימן איז נבוכדנצר קעניג געוואָרן און האָט אין דעם זעלבן יאָר נינוה איינגענומען. אין פינפטן יאָר האָט ער יהויקימן אונטערטעניג געמאכט. דריי יאָר — לויט דעם גר"א גייט ניט אריין דאָס פינפטע יאָר אין חשבון פון די דריי יאָר. די דאָזיקע דריי יאָר זיינען לויט אים נאָך — דאָס זעקסטע און זיבעטע און אכטע — האָט ער אים געדינט, און דריי יאָר האָט אָנגעהאלטן זיין בונטעווען זיך געגן אים. און פון אָט דעם דריטן יאָר פון זיין בונטעווען זיך רעדט דאָס דער ספר דניאל.

און זע דעם ביאור הגר"א אויף יחזקאל א' און דעם אבן עזרא אויף דניאל א', א', און רש"י דאָרטן אויף דעם זעלבן פסוק און אויך דעם פירוש הרס"ג דאָרטן. און די באהויפטונגען, וואָס דער גר"א מאכט וועגן די רש"יס אין ערכין י"ב און אין מגילה י"ב זיינען א גרויסער צריך עיון. און די באַמערקונג פון אבן עזרא אויף דעם בשנת שלש אין דניאל א' — איז פון גאָר גרויס וויכטיקייט און מיר וועלן נאָך רעדן וועגן דעם אלעם.

*) אין דער באַבילאָנישער שפראך האָבן זיי געהייסן: בלטשאצר (גאָט זאָל היטן זיין לעבן) שדרך, מישך און עבד נגו. דער שר הסריסים האָט זיי די דאָזיגע נעמען געגעבן.

קינדער פון אייער עלטער, וועל איך דורך דעם מיין קאָפּ פארשול־דיקן צום קעניג".

האָט דניאל געזאָגט דאן צום שפייז פאַוואַלטער, וואָס דער שר הסריסים האָט באַשטימט איבער דניאל, חנניה, מישאל ועזריה: פּרוּאוו נאָר דיינע קנעכט א טעג צען, זאָל מען אונז (די גאַנצע צייט נאָר) גרינס געבן, מיר זאָלן עסן און (נאָר) וואַסער, מיר זאָלן טרינ־קען, וועסטו זען ווי מיר וועלן אויסזעען און ווי די אנדערע קינדער וואָס וועלן עסן די שפייז פון מלך, וועלן אויסזעען, און לויט דעם, וואָס דו וועסט זען דאן, וועסטו האנדלען מיט דיינע קנעכט".

„און ער האָט זיי געפאָלגט און האָט זיי צען טעג אויסגעפּרובט".

„און ווען די צען טעג האָבן זיך געענדיקט, האָבן זיי אויסגעזען בעסער און געזינטער פון די אַלע אַנדערע קינדער וואָס האָבן גע־געסן די שפייז פון קעניג. פלעגט פון דאמאָלס אָן דער שפייז־פאַר־וואַלטער אוועקנעמען זייער שפייז און דעם ווייַן פון זייער געטראַנק און פלעגט זיי געבן גרינס" (און וואַסער).

„און די דאָזיקע קינדער, זיי אַלע פיר, האָט זיי גאָט געגעבן וויסן, בילדונג און חכמה. און דניאל האָט אויך פאַרשטאַנען אויס־צוטייטשן זעאונגען און חלומות".

„און ווען עס איז פאַראיבער די צייט, וואָס איז פאַר זייער דערציאונג באַשטימט געוואָרן, האָט דער שר הסריסים געבראַכט די אַלע יונגלינגע וואָס האָבן זיך דערצויגן אין קעניגלעכן הויף, פאַר נבוכדנצרן".

„און דער קעניג האָט גערעדט מיט זיי און האָט געפונען, אז קיינער פון זיי קען זיך ניט פאַרגלייכן מיט דניאל, חנניה, מישאל ועזריה".

„און זיי זיינען פאַר דעם קעניג געשטאַנען".

„און אין אַלץ, וואָס איז נוגע וויזהייט און פאַרנונפט האָט דער קעניג געזען, אז זיי וויסן צען מאָל אזוי פיל, ווי די אַלע חרטומים און מכשפים, וואָס האָבן זיך ביי אים אין קעניגרייך גע־פונען."

ניט שטענדיק אָבער — דערציילט אונז דער ספר „דניאל" — האָט זייער לעבן שטיל און רואיק געפלאָסן. דורך דער קנאה־שנאה

פון די הויף־לייט צו זיי איז א פּאָר מאָל אויך זייער לעבן געשטעלט געוואָרן אין געפאַר.

ווען איינעם אזא פאַל, וואָס האָט געטראָפן מיט חנניה מישאל ועזריה ווערט דערצעהלט פאָלגענדעס אין ספר דניאל ג׳:

„נבוכדנצר, דער קעניג, האָט געמאכט א גאָלדענעם צלם*) זעכ־ציק איילן די הויך און זעקס איילן די ברייט, און ער האָט אים אוועקגעשטעלט אין טאָל דורא אין בבל״.

„און נבוכדנצר דער קעניג האָט געשיקט צונויפזאמלען די אלע הארן, באאמטע און פארוואלטער פון דער מדינה און באנייען דעם צלם, וואָס נבוכדנצר דער קעניג האָט אויפגעשטעלט״.

„האָבן זיך דאן צונויפגעזאמלט די אלע הארן, באאמטע און פארוואלטער צו דער באנייאונג פון צלם, וואָס נבוכדנצר האָט אויפגעשטעלט״.

„און א כרוז איז ארויסגעשיקט געוואָרן״.

„איר פעלקער, נאציאָנען און שפּראַכן, ווען איר וועט הערן דאָס קול פון שופר, פלייט און פויק און אלע אנדערע מוזיקאלישע אינסטרומענטן, זאָלט איר פאלן און בוקן זיך צום גאָלדענעם צלם וואָס נבוכדנצר דער קעניג האָט אויפגעשטעלט, און דער וואָס וועט ניט פאלן און בוקן זיך אין יענעם מאָמענט זאָל געוואָרפן ווערן אין ברענענדיקן קאלך אויוון״.

„האָבן זיך געפונען דאן איינוואוינער פון בבל, וואָס האָבן גע־מסרט אויף די אידן״.

„זיי האָבן זיך אָנגערופן און געזאָגט צו נבוכדנצר דעם קעניג: זאָל דער קעניג אייביק לעבן, דו, דער קעניג האָסט באפוילן, אז יעדער איינער, וואָס וועט הערן דאָס קול פון שופר און פון די אלע אַנדערע מוזיק־אינסטרומענטן זאָל פאלן און בוקן זיך צום גאָל־דענעם צלם. און דער, וואָס וועט ניט פאלן און בוקן זיך, זאָל אריינגעוואָרפן ווערן אין ברענענדן קאלך־אויוון. זיינען פאראן אידן, וואָס דו האָסט זיי באשטימט איבער דער פירונג פון מדינת בבל:

---

*) א געשטאַלט.

חנניה, מישאל ועזריה*) — וואָס האָבן ניט אין זייער הארצן גע־נומען דיין באַפעל, צו דיין גאָט דינען זיי ניט, און צום גאָלדענעם צלם, וואָס דו האָסט אויפגעשטעלט, בוקן זיי זיך ניט".

„האָט מיט כעס און צאָרן געהייסן דאַן נבוכדנצר ברייננגען חנניה, מישאל ועזריה, און די דאָזיקע מענטשן זיינען געבראַכט געוואָרן דאַן פאַר דעם קעניג".

„האָט זיך אָנגערופן נבוכדנצר און געזאָגט צו זיי: חנניה, מישאל ועזריה, צו מיין גאָט דינט איר ניט און צום גאָלדענעם צלם, וואָס איך האָב אויפגעשטעלט, בוקט איר זיך ניט. זאָג איך אייך איצט ווידער, אז ווען איר וועט הערן דאָס קול פון שופר און פון פלייט זאָלט איר פאַלן און בוקן זיך צום צלם, וואָס איך האָב גע־מאַכט, און אויב איר וועט זיך ניט בוקן אין יענעם מאָמענט, וועט איר געוואָרפן ווערן אין ברענענדן קאַלך־אויוון, און ווער איז עס דער גאָט, וואָס זאָל אייך מציל זיין פון מיינע הענט?"

„האָבן זיך אָנגערופן חנניה, מישאל ועזריה און האָבן געזאָגט צום קעניג נבוכדנצר: וואָס איז די פעולה מיר זאָלן דיר גאָר ענטפערן אויף די רייד דיינע. אויב אונזער גאָט, צו וועלכן מיר דינען, וועט אונז וועלן מציל זיין פון ברענענדן קאַלך־אויוון, און פון דיין האַנט, קעניג, וועט ער עס טאָן. דו זאָלסט אָבער וויסן, קעניג, אַז צו דיין גאָט וועלן מיר ניט דינען און צום גאָלדענעם צלם, וואָס דו האָסט אויפגעשטעלט, וועלן מיר זיך ניט בוקן".

איז דאַן נבוכדנצר מלא חמה געוואָרן און זיין צורה איז פאַר־ענדערט געוואָרן איבער שדרך, מישך און עבד נגו. ער האָט באַ־

---

*) די חז"ל פרעגן: און דניאל וואו איז געוועזן? און זיי ענטפערן, אז ער איז אין וועג געוועזן. נבוכדנצר האָט אים מיט א שליחות געשיקט. און וועגן דעם וואָס פאר א שליחות דאָס איז געוועזן, איז דאָרטן ביי זיי — סנהדרין צ"ג — א חילוקי דעות פאַראַן. רב זאָגט, אז ער האָט אים געשיקט גראָבן א טייך אין טבריא. לויט שמואלן — האָט ער אים געשיקט, ער זאָל אים ברייננגען זאָמען פון א געוויסן גראָז. לויט רבי יוחנן קומט אויס, אז נבוכדנצר האָט אים מיט נאָך א מער געהויבענער מיסיע געשיקט: ער האָט אים געשיקט, ער זאָל ברענגען אלעקסאנדריער חזירים קיין בבל, כדי אויך זיין לאַנד זאָל מיט גרויסע גוטע חזירים פארזאָרגט ווערן, דורך די דורות חזירים, וואָס וועלן פון זיי ארויסקומען.

פוילן, מען זאָל אָנברענען דעם אויוון זיבן מאָל אזוי פיל ווי מען וואָלט אים אזוי אָנגעברענט. און צו די גבורי חיל פון זיין מיליטער האָט ער געהייסן בינדן חנניה, מישאל ועזריה, מען זאָל זיי אריינ־ווארפן אין ברענענדן קאַלך־אויוון".

„האָט מען דאַן געבונדן די דאָזיקע מענטשן אין זייערע העמדער, קליידער און היטלען און מען האָט זיי אריינגעוואָרפן אין ברענענדן קאַלך־אויוון".

„און ווייל דער אויוון איז זייער היים געווען, זיינען פון די פייער־פונקען פארברענט געוואָרן די מענטשן, וואָס האָבן זיי אריינ־געוואָרפן אין קאַלך־אויוון".

„און די דאָזיקע דריי מענטשן חנניה, מישאל ועזריה זיינען אראָפּגעוואָרפן געוואָרן אין ברענענדן קאַלך־אויוון געבונדענע".

„דאַן האָט זיך דער מלך נבוכדנצר געוואונדערט. ער האָט זיך אויף גיך פון זיין פּלאַץ אויפגעהויבן און האָט געזאָגט צו זיינע יועצים: מיר האָבן דאָך דריי מענטשן אריינגעוואָרפן אין פייער געבונדן".

„האָבן זיי געזאָגט צום קעניג: אמת, קעניג".

„האָט ער זיך אָנגערופן און געזאָגט: איך זע דאָך פיר מענטשן אָפּגעבונדענע גיין אָן א קרום שאָדן ארום אין פייער און דאָס אויסזען פון פערטן איז ענלעך אויף א מלאך".

„איז דאַן צוגעגאַנגען נבוכדנצר צו דער טיר פון קאַלך־אויוועןן און ער האָט זיך אָנגערופן: חנניה, מישאל ועזריה, די קנעכט פון גאָט, גייט ארויס און קומט".

„זיינען דאַן ארויסגעגאַנגען חנניה, מישאל ועזריה פון פייער".

„און עס האָבן זיך צענויפגעזאמלט די הארן, הערשער און פאר־וואַלטער און די יועצים פון מלך און זיי האָבן געזען די דאָזיקע מענטשן, ווי עס האָט ניט געוועלטיקט דאָס פייער איבער זייער לייב און די האָר פון זייער קאָפּ זיינען ניט אָנגעברענט געוואָרן און זייערע קליידער זיינען ניט געענדערט געוואָרן און אפילו דער ריח פון פייער האָט זיך ניט געהערט פון זיי".

„האָט זיך אָנגערופן נבוכדנצר און געזאָגט:

„געבענשט זאָל זיין דער גאָט פון חנניה, מישאל ועזריה, וואָס האָט געשיקט זיין מלאך און האָט מציל געווען זיינע קנעכט, וואָס

האָבן זיך פאַרלאָזט אויף אים און האָבן דעם באַפעל פון קעניג ווידערשפּעניקט און האָבן זייער ליב אוועקגעגעבן, כדי זיי זאָלן ניט דינען און ניט בוקן זיך צו אַן אַנדער גאָט, נאָר צו זייער גאָט".

און פון מיר גייט איצט אַרויס אַ באַפעל, אַז יעדעס פאָלק, יעדע נאַציאָן, יעדע שפּראַך, וואָס וועט ריידן שלעכטס אויף דעם גאָט פון חנניה, מישאל ועזריה זאָלן פון אים שטיקער געמאַכט ווערן און זיין הויז זאָל ווערן מיט מיסט גלייך, וואָרום עס איז ניטאָ קיין אַנדער גאָט, וואָס זאָל קענען מציל זיין, ווי ער.

ה

# דניאל אין לייבן־גרוב

דריוש מלך מדי גיט ארויס א באַפעל, אַז ווער עס וועט אין משך פון די קומענדע דרייסיג טעג מתפלל זיין צו אירגענד וועלכן גאָט אדער מענטשן אויסער דעם קעניג, זאָל ארייגעוואָרפן ווערן אין לייבן־גרוב. — דניאלס שונאים אין קע־ניגליכן הויף האָבן אים פארמסרט, אז ער האָט ניט אויסגעפאָלגט דעם באַפעל. — מען וואַרפט דניאלן אריין אין לייבן־גרוב. — מען האָט אים דאָרטן א גאנצע נאַכט געהאלטן. — עס איז אבער מיט אים קיין בייז ניט געשען.

א פאַל ענלעך צו דעם, וואָס ווערט דערציילט אין ספר דניאל וועגן חנניה, מישאל ועזריה, ווערט דאָרטן אויך דערציילט וועגן דניאלן. אויך אים האָבן, אויס נקמה, די שונאים זיינע פאַר־מסרט פאַר דעם קעניג — פאַר אן אנדער קעניג — און אויך ער איז אין זיין טרייהייט צו גאָט ביז צו דער מדרגה פון מסירות נפש דערגאַנגען.

„און דריוש מלך מדי*) — לייענט זיך אין קאַפיטל ו׳ דאָרטן וועגן דער פּאסירונג — האָט איבערגענומען די מלוכה, ווען ער איז אַלט געווען צוויי און זעכציק יאָר. איז געפעלן געוואָרן דריושן צו באַשטימען הונדערט און צוואַנציק אחשדרפּנים,**) זיי זאָלן זיין די פירער פון דער גאַנצער מלוכה. און איבער זיי דריי פירשטן, וואָס דניאל איז געווען איינער פון זיי. צו זיי האָבן באַדאַרפט

*) לויט דעם שרייבער פון ספר דניאל קומט אויס, אז דריוש איז געוואָרן דער קעניג פון בבל נאָך בלשאצרן און כורש, וואָס איז געווען איינער פון זיינע מיליטער־באַאַמטע, האָט געקיניגט נאָך אים. די געשיכטע דערציילט אונז אבער, אז דער לעצטער קעניג פון בבל איז נאבאנאד געווען און אז כורש איז דער מלך פון בבל געוואָרן באלד נאָכדעם, ווי ער האָט דעם אויבנדערמאָנטן לעצטן קעניג פון בבל באזיגט.

**) די פאַרוואַלטער איבער די באַזונדערע מלוכה־באַצירקן.

אָפּגעבן די דאָזיקע אחשדרפּנים דין וחשבון פון אַלעם און זיי האָבן באַדאַרפט זען, אַז דער מלך זאָל ניט ליידן קיין שאָדן".

„און דניאלס גרויסקייט איז געוואַקסן און איבערגעוואַקסן די אחשדרפּנים און די פירשטן, ווייל ער האָט מער גייסט פון זיי פאַר־מאָגט און דער מלך האָט געוואָלט באַשטימען אים איבער דער גאַנצער מלוכה."

„האָבן די פירשטן און די אחשדרפּנים געוואָלט מאַכן בלבולים אויף דניאלן אין די ענינים פון דער מלוכה. מען האָט אָבער קיין בלבול אַזא ניט געקענט מאַכן און מען האָט אויף אים קיין זינד ניט געקענט געפינען. וואָרים ער איז געווען באַגלויבט און קיין שום אומרעכט איז אין אים ניט געפונען געוואָרן."

„האָבן דאַן די דאָזיקע לייטע געזאָגט: מיר קענען ניט געפינען אויף דעם דניאלן קיין שום בלבול אין די זאַכן. מיר קענען אָבער מאַכן א בלבול אויף אים אין די ענינים פון אמונה."

„האָבן זיך געאיילט דאַן די אחשדרפּנים און די פירשטן צום קעניג און זיי האָבן צו אים אַזוי געזאָגט: דריוש, דער קעניג, אייביק זאָלסטו לעבן. עס האָבן א ראַט געהאַלטן די אַלע אחשדרפּנים, פירשטן און יועצים, אַז דער קעניג זאָל אַרויסגעבן א באַפעל און א שטרייַנגען פאַרבאָט, אַז יעדער איינער, וואָס וועט מתפלל זיין אין משך פון די קומענדע דרייסיק טעג צו אירגנד וועלכן גאָט אָדער מענטשן אויסער צו דיר, דעם קעניג, זאָל אַריינגעוואָרפן ווערן אין לייבן־גרוב."

„און איצט, קעניג, גיב אַרויס דעם פאַרבאָט און פאַרשרייב אים, ער זאָל ניט פאַרענדערט ווערן, ווי די געזעצן פון פּרס און מדי, וואָס ווערן ניט פאַרענדערט."

„און דער קעניג האָט אַרויסגעגעבן דעם פאַרבאָט."

„און אַז דניאל איז געוואָר געוואָרן, אַז די שריפט איז אַרויס־געגעבן געוואָרן, איז ער אַרויף צו זיך אין הויז, וואו די פענצטער זיינען געווען געעפנט אין זיין אויבערשטיבל אַנטקעגן ירושלים, און דריי מאָל אין טאָג האָט ער געקניט אויף זיינע קני און האָט גע־דאַוונט און געבעטן גאָט, ווי ער האָט זיך פריער געפירט."

„האָבן יענע לייטע געאיילט זיך דאַן און געפונען דניאלן, ווי ער בעט און דאַוונט פאַר גאָט."

„און זיי האָבן געזאָגט צום קעניג: דו האָסט דאָך ארויס־געגעבן א פאַרבאָט, אז יעדער איינער, וואָס וועט בעטן אין א משך פון דרייסיק טעג צו געטער און מענטשן אויסער צו דיר, זאָל אין לייבן־גרוב געוואָרפן ווערן.״

„האָט דער קעניג געענטפערט און געזאָגט: אמת איז דאָס אלעס, ווי דאָס געזעץ פון פּרס און מדי, וואָס קען ניט בטל ווערן.״

„האָבן זיי זיך אָנגערופן דאן און געזאָגט: דניאל פון די אידישע גולים האָט זיין הארץ ניט צוגעלייגט צו דיינע רייד, קעניג, צום פאַרבאָט, וואָס דו האָסט ארויסגעגעבן, און דריי מאָל אין טאָג פאַר־בעט ער זיין געבעט״.

„ווען דער קעניג האָט דאָס דערהערט איז אים געוואָרן זייער שלעכט און זיין הארץ איז געווען פארנומען מיט דניאלן — ווי צו רעטן אים. און ביז זונען־אונטערגאנג האָט ער זיך אלץ משתדל געווען צו רעטן אים.״

„זיינען דאן געקומען צולויפן יענע לייט צום קעניג און האָבן צו אים געזאָגט: וויס, קעניג, אז עס איז א געזעץ אין מדי און פּרס, אז יעדער פאַרבאָט און פאַרשריפט פון קעניג זאָל ניט געענ־דערט ווערן.״

„האָט דאן דער קעניג באַפעלן און מען האָט געבראכט דניאלן און מען האָט אים אריינגעוואָרפן אין לייבן־גרוב.״

„האָט דער קעניג זיך אָנגערופן און געזאָגט צו דניאלן: דיין גאָט, צו וועמען דו דינסט שטענדיק, ער וועט דיך רעטן.״

„און עס איז געבראכט געוואָרן א שטיין און ער איז אוועק־געלייגט געוואָרן איבער דער גרוב. און דער קעניג האָט זי פאַר־זיגלט מיט זיין זיגל און מיט דעם זיגל פון זיינע הארן, אז עס זאָל גאָרניט געטאָן ווערן מיט דניאלן.״

„דאן איז דער קעניג געגאנגען צו זיך אין פּאַלאַץ און האָט געגעבטיקט ניט געגעסן און קיינע פאַרווײַלונגען האָט מען ניט גע־בראכט פאַר אים און זיין שלאָף איז פון אים פאַרוואָגלט געוואָרן.״

„און גאנץ פרי, ווי עס איז נאָר ליכטיק געוואָרן, איז דער מלך אויפגעשטאנען און איז אין איילעניש צו דער לייבן־גרוב געגאנגען.״

„און אז ער איז צוגעקומען צום גרוב, האָט ער צו דניאלן מיט א טרויעריקער שטימע געשריען. דער קעניג האָט זיך אָנגערופן און

געזאָגט צו דניאלן: דניאל דער קנעכט פון לעבעדיקן גאָט. דער גאָט, צו וועמען דו דינסט שטענדיק — קען ער דיך מציל זיין פון די לייבן?

האָט דאן דניאל צום קעניג גערעדט: דער קעניג זאָל לעבן אייביק. מיין גאָט האָט זיין מלאך געשיקט און ער האָט פארמאכט דאָס מויל פון די לייבן און זיי האָבן מיך ניט אָנגערירט. וואָרים איך בין געפונען געוואָרן גערעכט אנטקעגן אים. און אויך אנטקעגן דיר האָב איך קיין אומרעכט ניט געטאָן."

„און דער קעניג האָט זיך דאן זייער גוט געפילט, און ער האָט געהייסן ארויסנעמען דניאלן פון גרוב. און דניאל איז ארויסגע־נומען געוואָרן פון גרוב און עס איז אין אים קיין וואונד ניט געפונען געוואָרן, ווייל ער האָט געגלויבט אין גאָט."

„און דער קעניג האָט געהייסן און מען האָט געבראכט די אלע מענטשן, וואָס האָבן געמסרט דניאלן, און מען האָט זיי געוואָרפן אין דער גרוב פון די לייבן: זיי, זייערע זין און זייערע פרויען. און איידער זיי זיינען נאָך צו דער ערד אין גרוב אראָפּגעפאלן, האָבן זיך אויף זיי די לייבן געוואָרפן און האָבן אלע זייערע ביינער צע־ריבן."

„האָט דאן דריוש דער קעניג געשריבן צו די אלע פעלקער און נאַציאָנען: איר אלע פעלקער, וואָס וואוינען אין מיין לאַנד, זאָל אייער פרידן זיך מערן. עס גייט פון מיר ארויס א באַפעל, אז אין מיין גאַנצער קעניגרייך זאָל מען ציטערן און מורא האָבן פאַר דעם גאָט פון דניאל, וואָס ער איז דער לעבעדיקער גאָט און זיין עקזיסטענץ וועט שטענדיק זיין און זיין קעניגרייך וועט קיינמאָל ניט פאַרדאָרבן ווערן און זיין הערשאפט וועט זיין ביז צו דער אומענדלעכקייט."

„ער העלפט און איז מציל און ווייזט נסים און וואונדער אויף דעם הימל און אויף דער ערד און ער האָט מציל געווען דניאלן פון די לייבן."

ז

# דער חלום און דער באַשייד זיינער

**נבוכדנצר פאָדערט פון די חרטומים זיינע, זיי זאָלן אים דערציילן, וואָס פאַר אַ חלום עס האָט זיך אים פאַריגע נאַכט געחלומט און אויך דעם באשייד זיינעם אים זאָגן. — זיי דערקלערן אים, אַז אַזאַ זאַך האָט נאָך קיין קעניג פון די חרטומים זיינע קיינמאָל ניט געפאָדערט. — דער קעניג הייסט דערפאר, מען זאָל די אַלע חרטומים פון בבל אויסהרגענען. — פילע פון זיי ווערן אויס־געהרגעט און די איבעריקע ווערן געראַטעוועט דורך דעם, וואָס דניאל נעמט זיך אונטער דעם קעניגס פארלאַנג דערפילן. — ער האָט דעם קעניג דעם חלום זיינעם געלאָזט וויסן און האָט אים אויך אויף אים דעם ריכטיקן באשייד געגעבן. — נבוכדנצר גיט דניאלן דאן מתנות פילע און באַשטימט אים אלס אויבערהאר איבער די אלע חכמים פון בבל.**

ווי איך האָב שוין פריער אָנגעוויזן, האָט זיך צווישן די אלע פיר חברים אממערסטן אויסגעצייכנט מיט זיינע גרויסע מעלות און פעאיקייטן דניאל. און גאָר גיך איז ער געוואָרן די אנגעזעענסטע פערזאָן ביים קעניג נבוכדנצר אין הויף.

ער האָט צו אָט דער מדרגה דערגרייכט — דערציילט זיך אין „דניאל" — דורך דעם, וואָס ער האָט דעם קעניג דערציילט א חלום, וואָס ער — נבוכדנצר — האָט געהאט פארגעסן און אים אויך זיין באשייד געגעבן — דאָס, וואָס די אלע אַנדערע חרטומים האָבן ניט געקענט טאָן.

און אויף פאָלגענדן אופן ווערט וועגן דער דאָזיקער פאסירונג אין ספר דניאל, ב' דערציילט:

„נבוכדנצרן האָבן זיך איינמאָל חלומות געחלומט, און ער איז אומרואיק געוועזן און זיין שלאָף איז פון אים פארוואָגלט געוואָרן."

„און דער קעניג האָט געהייסן רופן די חרטומים און די מכשפים, זיי זאָלן דערציילן דעם קעניג זיינע חלומות."

„און זיי זיינען געקומען און האָבן זיך געשטעלט פאר דעם

קעניג. און דער קעניג האָט געזאָגט צו זיי: עס האָט זיך מיר געחלומט אַ חלום, און איך בין אומרואיק צו וויסן דעם חלום".

„האָבן די חרטומים געזאָגט צום קעניג: זאָל דער קעניג אייביק לעבן. זאָג דעם חלום צו דיינע קנעכט און דעם באַשייד וועלן מיר זאָגן."

„האָט דער קעניג געענטפערט און געזאָגט צו די חרטומים: עס איז ביי מיר פעסט באַשלאָסן, אַז אויב איר וועט מיר ניט מודיע זיין דעם חלום און זיין באַשייד, וועל איך פון אייך שטיקער מאַכן און אייערע הייזער וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין מיסט. און אויב דעם חלום און זיין באַשייד וועט איר זאָגן, וועט איר פון מיר פיל מתנות און כבוד האָבן."

„האָבן זיי צום צווייטן מאָל געענטפערט און געזאָגט: דער קעניג זאָל דעם חלום זאָגן צו זיינע קנעכט און דעם באַשייד וועלן מיר זאָגן."

„האָט דער קעניג געענטפערט און געזאָגט: איך ווייס עס זיכער, אַז איר ווילט פאַר זיך געווינען צייט, וואָרים איר זעט אַז איך בין פעסט אין מיין באַשלוס. וואָרים אויב איר וועט מיר ניט מודיע זיין מיין חלום, וועט פאַר אייך נאָר איין אורטייל זיין. איך זע, אַז איר גרייט זיך צו זאָגן מיר אַ ליגן, ווען איר וועט דערויף דעם גינסטיקן מאָמענט האָבן. דעם חלום זאָגט מיר, וועל איך וויסן אַז איר וועט מיר זאָגן זיין באַשייד."

„האָבן די חרטומים געענטפערט דעם קעניג און געזאָגט: עס איז ניט פאַראַן קיין מענטש אויף דער יבשה, וואָס זאָל דאָס וואָרט פון קעניג קענען זאָגן. וואָרים קיין שום קעניג, האר און הערשער האָט אַזוינס ניט פאַרלאַנגט פון קיינעם פון די חרטומים און צויבע־רער. און דאָס, וואָס דער קעניג פאַרלאַנגט איז זייער שווער (צו דערהפילן) און עס איז קיין אַנדערער ניטאָ, וואָס זאָל עס קענען זאָגן דעם קעניג, אויסער די געטער, וואָס וואוינען ניט מיט די מענטשן."

„איז דער קעניג שטאַרק אין כעס געוואָרן דעריבער און ער האָט געוואָלט אומברענגען די אַלע חכמים פון בבל."

„און דער באַפעל איז אַרויס און מען האָט אָנגעהויבן צו הרגע־נען די אַלע חכמים."

„און עס זיינען אויך געזוכט געוואָרן דניאל און זיינע חברים, מען זאָל זיי הרגענען.“

„דאַן האָט דניאל גערעדט מיט גרויס חכמה צו אריוך דעם הויפּט־תליון פון קעניג, וועלכער האָט זיך ארויסגעלאָזט צו הרגענען די חכמים פון בבל.“

„און דניאל איז געקומען און געבעטן פון קעניג, ער זאָל אים געבן צייט, ער זאָל קענען דעם באשייד פון חלום זאָגן דעם קעניג.“

„דאַן איז דניאל געגאַנגען אהיים און ער האָט דערציילט דעם ענין צו זיינע חברים חנניה, מישאל ועזריה, זיי זאָלן בעטן רחמים פון גאָט אין הימל וועגן דעם דאָזיקן סוד, אַז דניאל מיט זיינע חברים זאָלן ניט אומקומען צוזאַמען מיט די אנדערע חכמים פון בבל.“

„דאַן איז דער סוד אנטפּלעקט געוואָרן צו דניאלן אין א נאַכט־זעאונג.“

„האָט דניאל געדאַנקט דערפאַר גאָט. ער האָט געזאָגט: זאָל געבענשט זיין אייביק דער נאָמען פון גאָט, וואָס צו אים באַלאַנגען חכמה און גבורה און ער ענדערט די צייטן, נעמט צו די מלוכה פון מלכים און קרוינט פאַר מלכים אנדערע אויף זייער פּלאַץ. ער גיט חכמה צו די קלוגע און וויסען צו די וואָס וויסן. ער אנטפּלעקט די טיפע סודות, ער ווייסט וואָס עס איז אין דער פינצטער און עס רוט מיט אים ליכטיקייט. צו דיר, דער גאָט פון מיינע עלטערן, דאַנק איך און לויב דערפאַר וואָס דו האָסט מיר געגעבן חכמה און גבורה און דו האָסט מיר מודיע געווען וואָס איך האָב געבעטן פון דיר, דו האָסט מיר מודיע געווען דעם חלום פון קעניג.“

און דניאל איז געגאַנגען צו אריוך, וואָס דער קעניג האָט באַ־שטימט, ער זאָל אומברענגען די חכמים פון בבל, און ער האָט צו אים אזוי געזאָגט: זאָלסט ניט אומברענגען די חכמים פון בבל. ברענג מיך פאַר דעם קעניג און איך וועל זאָגן דעם באשייד דעם קעניג.

„דאַן האָט אריוך אויף גיך געבראַכט דניאלן פאַר דעם קעניג און ער האָט צו אים געזאָגט, אַז עס געפינט זיך א מאַן צווישן די אידישע גולים, וואָס וועט זאָגן דעם באשייד צום מלך.“

„האָט דער מלך געענטפערט און געזאָגט צו דניאלן: קענסטו מיר מודיע זיין דעם חלום, וואָס איך האָב געזען און זיין באשייד?

האָט דניאל געענטפערט דעם מלך און געזאָגט: דעם סוד, וואָס דער קעניג פאַרלאַנגט, קענען ניט קיינע חרטומים און מכשפים זאָגן צום קעניג. עס איז אָבער דאָ א גאָט אין הימל, וואָס ער אנטפּלעקט סודות און ער האָט געלאָזט וויסן דעם מלך נבוכדנצר, וואָס עס וועט פאַרקומען באחרית הימים. דיין חלום און די זעאונגען פון דיין געדאַנק זיינען פאָלגנדעס:

„דו, קעניג, דיינע געדאַנקען זיינען צו דיר געקומען אויף דיין געלעגער צו קלערן וועגן דעם, וואָס עס וועט זיין שפּעטער. און דער, וואָס אַנטפּלעקט די סודות, האָט דיר געלאָזט וויסן, וואָס עס וועט זיין. און איך — ניט דורך דער חכמה, וואָס איז אין מיר פאַראַן מער ווי אין אלע, וואָס לעבן, איז צו מיר דער סוד אנטפּלעקט געוואָרן, נאָר כדי צו לאָזן וויסן דעם באשייד צום מלך, כדי דו זאָלסט וויסן די געדאַנקען פון דיין הארצן.

„דו, קעניג, האָסט געזען א גרויס און שיין געשטאַלט שטייט אנטקעגן דיר און זיין אויסזען איז פּירכטבאַר. דער קאָפּ פון יענעם געשטאַלט איז פון גוט גאָלד. זיין ברוסט און זיינע אָרעמס זיינען פון זילבער. זיינע געדערים און זיינע ריפּן זיינען פון קופּער. זיינע לענקען זיינען פון אייזן און זיינע פיס — האלב אייזן און האלב ערד.

„דו האָסט געזען, ווי עס האָט זיך א לאָז געטאָן א שטיין — און ניט פון הענט איז ער געשליידערט געוואָרן — און האָט א קלאַפּ געטאָן דעם געשטאַלט איבער זיינע אייזערנע און ערדענע פיס און האָט זיי צעריבן. דאַן זיינען אין שטויב צעריבן געוואָרן דאָס אייזן, די ערד, דאָס קופּער, דאָס זילבער און דאָס גאָלד און זיי זיינען געוואָרן ווי די מעקענע פון די זומער־שייערס און עס האָט זיי דער ווינט פאַרטראָגן און עס איז זייער געביין ניט געבליבן. און פון דעם שטיין, וואָס האָט צוקלאַפּט דאָס געשטאַלט, איז געוואָרן א גרויסער בארג און האָט אָנגעפילט די גאַנצע ערד. אָט דאָס איז דער חלום. און מיר וועלן אויך זאָגן דעם באשייד זיינעם פאַר דעם מלך:

„דו, דער מלך, דער מלך המלכים, וואָס דער גאָט פון הימל האָט דיר געגעבן קעניגטום, שטאַרקייט און כבוד און די אלע וואָס באוואוינען די ערד, די מענטשן, די חיות פון פעלד און די עופות

פון הימל האָט ער דיר געגעבן, זאָלסט האָבן די ממשלה איבער זיי אַלעמען — דו ביזט עס דער קאָפּ פון גאָלד. און נאָך דיר וועט אויפשטיין אַן אַנדער ממלכה, אַן ערגערע פון דיר.*) און נאָך (אַן אַנדערע) אַ דריטע פון קופּער, וואָס וועט געוועלטיקן איבער דער ערד.**) און אַ פערטע מלוכה וועט זיין — שטאַרק ווי אייזן.***) וואָרים אייזן צערייבט און צעמאָלט אַלעס. און אַזוי ווי אייזן וועט זי צעמאָלן און צעברעכן אָט די אַלע מלוכות. און דאָס וואָס דו האָסט געזען די פיס און פינגער — אייניקע פון זיי פון אייזן — וועט עס אַ צעשפּאָלטענע מלוכה זיין.****) און עס וועט אין איר אויך די שטאַרקייט פון אייזן זיין, ווי דו האָסט געזען: אייזן אויסגעמישט מיט ליים פון דער ערד. און די פינגער פון די פיס — אייניקע פון אייזן און אייניקע פון ליים, וואָרים אַ טייל פון דער מלוכה וועט זיין שטאַרק און אַ טייל וועט זיין צעבראָכן. און דאָס, וואָס דו האָסט געזען אייזן אויסגעמישט מיט ליים: זיי וועלן פאַרמישן די מענטשן. זיי וועלן אָבער ניט זיין באַהעפט איינער אין צווייטן אַזוי ווי אייזן מישט זיך ניט אויס מיט ליים און אין די צייטן פון די דאָזיקע מלכים וועט גאָט אין הימל אויפשטעלן אַ מלוכה,*****) וואָס וועט קיינמאָל שוין ניט פאַרדאָרבן ווערן. און איר קעניגרייך וועט זי פאַר אַן אַנדער פאָלק ניט איבערלאָזן. זי וועט צומאָלן און אומברענגען די דאָזיקע אַלע מלוכות און זי וועט בלייבן אויף אייביק. און דאָס, וואָס דו האָסט געזען, אַז פון באַרג איז אָפּגעריסן געוואָרן — און ניט פון (מענשלעכע) הענט אַ שטיין און האָט צעשטויבט דעם אייזן, דעם קופּער, דאָס זילבער און דאָס גאָלד — דאָס האָט דער גרויסער גאָט געלאָזט וויסן צום קעניג, וואָס עס וועט

---

*) לויט דעם שרייבער פון ספר דניאל האָט דריוש געקיניגט נאָך בלשאצרן.

**) כורש מלך פרס, וואָס האָט געקיניגט, לויט דעם מחבר פון ספר דניאל, נאָך דריושן.

***) מלכות יון, וואָס האָט מנצח געווען מלכות פרס און האָט אַלע מלוכות איינגענומען: בבל, פרס, מדי און מצרים.

****) די מלוכת פון אלכסנדר מוקדון, וואָס איז צוטיילט געוואָרן נאָך זיין טויט צווישן זיינע קאָמאַנדירן.

*****) מלכות ישראל אין דער צייט פון די חשמונאים.

זיין נאָכדעם און עס איז אמת דער חלום און באַגלויבט דער באשייד זיינער."

„דאַן איז דער מלך נבוכדנצר געפאלן אויף דעם פּנים און צו דניאלן האָט ער זיך געבוקט און מתנות און קרבנות געוואָלט מקריב זיין צו אים."

האָט זיך אָנגערופן דער קעניג צו דניאלן און געזאָגט: „עס איז אמת, אז אייער גאָט איז דער גאָט פון אַלע געטער און דער האַר פון אַלע מלכים און ער אנטפּלעקט די סודות — וויבאלד דו האָסט געקענט אנטפּלעקן דעם דאָזיגן סוד."

דאַן האָט דער מלך געקרוינט דניאלן און האָט אים פילע וויכטיקע מתנות געגעבן און האָט אים געמאכט געוועלטיקן איבער דער גאַנצער מדינה פון בבל און האָט אים געמאכט פאַר דעם אויבער־האַר איבער די אַלע חכמים פון בבל, און דניאל האָט געבעטן פון מלך און — ער האָט באַשטימט איבער דער פירונג פון דער מדינת בבל שדרכן, מישכן און עבד נגו.

ז

# זיבן יאָר מיט די חיות פון וואַלד

**דניאל דערקלערט גבוכדנצן, אַז דער חלום, וואָס ער האָט אים דערציילט, ווייזט דערויף, אַז ער — נבוכדנצר — וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין א חיה פאר א משך פון זיבן יאָר. — אין א יאָר ארום ווערט דער באשייד מקויים. — ער — נבוכדנצר — איז פון מענטשן פאריאָגט געוואָרן און זיבן יאָר גאנצע האָט ער זיך איבער וואַלד און פעלד ארומגעטריבן און „גראָז ווי אַן אָקס געגעסן און מיט דעם טוי פון הימל זיין לייב אָנגעטרונקען.‟ — נאָך די זיבן יאָר האָט זיך צו אים זיין פאַרשטאַנד אומגעקערט און ער איז צוריק צו זיך אין פּאַלאַץ געקומען.**

איינער פון די אינטערעסאנטסטע קאפּיטלען אין ספר דניאל איז דאָס קאַפּיטל סוף ג׳ און ד׳, אין וועלכן עס ווערט דערציילט וועגן דעם מאַניפעסט, וואָס נבוכדנצר האָט ארויסגעלאָזט צו אלע פעלקער נאָכדעם, וואָס איז מקויים געוואָרן מיט אים אלעס, וואָס דניאל האָט אים איינמאָל פּותר חלום געווען.

„נבוכדנצר — לייענט זיך דער דאָזיקער מאַניפעסט — דער קעניג צו אלע פעלקער, נאציאָנען און שפּראַכן, וואָס וואוינען איבער דער גאנצער ערד, זאָל זיך אייער פריידן מערן‟.

„איך האַלט עס פאר גוט צו דערציילן די נסים ונפלאות, וואָס גאָט דער אויבערשטער האָט געטאָן מיט מיר. ווי גרויס זיינען זיינע נסים און ווי שטאַרק זיינען זיינע וואונדער. זיין קעניגרייך איז אַן אייביקע קעניגרייך און זיין הערשאַפט איז אויף אלע דורות‟.

„איך נבוכדנצר האָב רואיק געוואוינט אין מיין הויז און בין פריש און געזונט געווען אין מיין פּאַלאַץ. האָב איך א חלום געזען — און ער האָט מיך איבערגעשראָקן. די מחשבות, וואָס זיינען צו מיר געקומען אויף מיין געלעגער און די זעאונגען פון מיין געדאנק האָבן מיך איבערגעשראָקן‟.

„און עס איז פון מיר ארויס א באַפעל צו ברייננגען פאר מיר די אלע חכמי בבל, זיי זאָלן מיר דעם באשייד פון מיין חלום מודיע זיין”.

„זיינען דאַן געקומען די חרטומים און די מכשפים און איך האָב פאר זיי געזאָגט דעם חלום”.

„און זיי האָבן זיין באשייד מיר ניט מודיע געווען. און צו לעצט איז צו מיר געקומען דניאל, וואָס זיין נאָמען איז בלטשאצר, ווי דער נאָמען פון מיין גאָט און וואָס דער גייסט פון הייליקן גאָט איז אין אים און איך האָב פאר אים מיין חלום געזאָגט”:

„בלטשאצר דער שר החרטומים, וואָס איך ווייס, אז דער גייסט פון הייליקן גאָט איז אין דיר און קיין סוד איז ניט פאַר־באָרגן פון דיר. זע, דאָס איז דער חלום, וואָס איך האָב געזען און זאָג זיין באשייד”.

„איך האָב געזען א בוים אין דער ערד, און זיין הויך איז זייער גרויס געווען”.

„און דער בוים איז געוואַקסן און איז גרויס געוואָרן. און זיין הויך האָט דערגרייכט ביז צום הימל און מען האָט אים ביז צום עק פון דער וועלט געקענט זען. זיינע צווייגן זיינען שיין און זיין פרוכט איז פיל און שפייז פאר אלעמען איז אין אים פאראַן. אונטער איהם געפינען דעם שאָטן זייערן די חיות פון וואלד און אין זיינע צווייגן וואוינען די פויגלען פון הימל און עס שפייזן זיך פון אים אלע באשעפענישן”.

„און איך זע ווייטער אין חלום מיינעם, ווי א הייליקער מלאך נידערט אראָפּ פון הימל.

„ער האָט אויסגעשריען אין דער הויך און האָט אזוי געזאָגט: פארשניידט דעם בוים און האקט אָפּ זיינע צווייגן, רייסט אויס זיינע בלעטער און צעוואַרפט זיין פרוכט. זאָלן די חיות פארוואָגלט ווערן פון אונטער אים און די פויגלען פון זיינע צווייגן. נאָר דער שטאַם פון זיינע וואָרצלען זאָלט איר לאָזן אין דער ערד, און איר זאָלט אים צובינדן מיט אייזערנע און קופערנע קייטן צום גראָז פון דער

ערד. און מיט דעם טוי פון הימל וועט ער זיין לייב אָנטרינקען און אינאיינעם מיט די חיות וועט ער אויך זיין טייל האָבן אין דעם גראָז פון דער ערד. זיין האַרץ וועט ווערן אַנדערש, ווי דאָס האַרץ פון א מענטשן און עס וועט אים געגעבן ווערן דאָס האַרץ פון א חיה, און זיבן יאָר וועט ער זיך אין אזא מצב געפינען".

„אויף דעם באַשלוס פון די הייליקע מלאכים איז דאָס געקומען כדי די אַלע, וואָס לעבן זאָלן וויסן, אז דער אויבערשטער געוועלטיקט איבער דער מענטשלעכער קעניגרייך און צו וועמען ער וויל גיט ער זי אוועק און באַשטימט איבער איר דעם נידעריקסטן פון די מענטשן".

„אָט דעם חלום האָב איך דער מלך נבוכדנצר געזען. און דו בלטשאצר זיין באַשייד זאָג. ווארום די אַלע חכמים פון מיין קעניגרייך האָבן ניט געקענט דעם באַשייד מיר מודע זיין. און דו קענסט, ווארום דער גייסט פון הייליקן גאָט איז אין דיר.

„דניאל איז געבליבן דאַן צומישט א קליינע ווײַלע און זיינע געדאַנקען האָבן אים געשראָקן.

„האָט זיך אָנגערופן דער קעניג און געזאָגט: בלטשאצר, דער חלום און זיין באַשייד זאָלן דיך ניט באַאומרואיקן".

„האָט געענטפערט בלטשאצר און געזאָגט: מיין האַר, דער חלום זאָל אויף דיינע שונאים זיין און זיין באַשייד פאַר דיינע פיינד".

„דער בוים, וואָס דו האָסט געזען ווי ער וואַקסט און ווערט גרויס און זיין הויך דערגרייכט ביז דעם הימל און ווערט אָנגעזעען איבער דער גאַנצער ערד, און זיינע בלעטער זיינען שיין און זיין פרוכט איז פיל און שפּייז איז פאַראַן פאַר אַלעמען אין אים; אונטער אים וואוינען די חיות פון וואַלד און אויף זיינע צווייגן רוען די פויגלען פון הימל — ביזטו עס, קעניג, וואָס דו ביזט גרויס און שטאַרק געוואָרן און דיין גרויסקייט מערט זיך און דערגרייכט ביז צום הימל און דיין הערשאַפט ביז צום עק וועלט".

„און דאָס, וואָס דער קעניג האָט געזען א הייליקן מלאך אראָפּנידערן פון הימל און ער האָט געזאָגט: פאַרשניידט דעם בוים און פאַרדאַרבט אים, נאָר דעם שטאַם פון זיינע וואָרצלען לאָזט אין דער ערד און מיט אייזערנע און קופּערנע קייטן בינדט אים צום גראָז פון פעלד און מיט דעם טוי פון הימל זאָל ער אָנטרינקען זיין לייב

און דאָס גראָז זאָל ער זיך, מיט די חיות אין פעלד טיילן ביז עס וועלן זיבן יאָר פארגיין — איז דאָס דער באשייד, קעניג: דער באַ־פעל פון אויבערשטן וועט דערגרייכן מיין האר און מיט די חיות פון פעלד וועט זיין דיין וואוינונג און*) מען וועט דיר געבן עסן גראָז. און מיט דעם טוי פון הימל וועסט דו אָנטרינקען דיין לייב און זיבן יאָר צייט וועט עס געדויערן ביז דו וועסט וויסן, אז דער אויבערשטער געוועלטיקט איבער דער מענטשלעכער קעניגרייך און צו וועמען ער וויל גיט ער זי אוועק".

„און דאָס, וואָס זיי האָבן געזאָגט צו לאָזן דעם שטאָם פון די וואָרצלען פון די בוימער מיינט עס, אז מען וועט דיר דיין קעניגרייך לאָזן, ווען דו וועסט אָנערקענען די ממשלה פון גאָט".

„זאָל אָבער מיין עצה גוט זיין אין דיינע אויגן און דיינע זינד קויף אוים דורך צדקה און דיין שולד דורך לייטזעליקן די אָרימע לייט. אפשר וועט דורך דעם פארלייענגערט ווערן די צייט פון דיין פרידן".

„און עס האָט אַלעס אזוי געטראָפן מיט נבוכדנצר דעם קעניג".

„אין צוועלף חדשים ארום האָט עס געטראָפן. ער איז דאַן ארומגעגאנגען אין קעניגליכן פאַלאַץ פון בבל. האָט דער קעניג זיך אָנגערופן און געזאָגט: דאָס איז דאָך די גרויסע בבל, וואָס איך האָב אויסגעבויט צו פארגרעסערן מיין שטאַרקייט און פארמערן מיין כבוד".

„דער קעניג האָט נאָך גערעדט, ווען עס האָט זיך א קול דער־הערט פון הימל: מען לאָזט דיר וויסן, קעניג נבוכדנצר, אז מען נעמט ביי דיר דיין מלוכה אוועק, און פון מענטשן וועט מען דיך פאַריאָגן און מיט די חיות פון פעלד וועט זיין דיין וואוינונג. גראָז ווי אַן אָקס וועסטו עסן און זיבן יאָר וועלן פאַראיבער ביז דו וועסט וויסן, אז דער אויבערשטער געוועלטיקט איבער דער קעניגרייך פון די מענטשן און צו וועמען ער וויל גיט ער זי אוועק.

„אין יענעם מאָמענט איז די זאַך אָפּגעענדיקט געוואָרן מיט נבוכדנצרן, און ער איז פאַריאָגט געוואָרן פון מענטשן און גראָז

*) עס געפינט זיך גאָר ניט אין קיינע אנדערע קוועלן וועגן דעם, אַז נבוכדנצר זאָל געווען משוגע ווערן.

ווי אַן אָקס האָט ער געגעסן און מיט דעם טוי פון הימל האָט ער זיין לייב אָנגעטרונקען ביז עס זיינען זיינע האָר, ווי די פעדערן פון אַן אָדלער און זיינע נעגל, ווי די נעגל פון א פויגל."

„און ווען עס האָט זיך געענדיקט די באַשטימטע צייט האָב איך נבוכדנצר אויפגעהויבן מיינע אויגן צום הימל און מיין פאַרשטאַנד האָט זיך צו מיר אומגעקערט און איך האָב געדאַנקט דעם אויבער־שטען און געלויבט דעם אייביק לעבעדיקן און געפּרייזט אים, וואָס זיין הערשאַפט איז אַן אייביקע הערשאַפט און זיין קעניגרייך איז אויף אַלע דורות. און די אַלע איינוואוינער פון דער וועלט האָבן א ווערט ווי גאָר ניט און וואָס ער וויל טוט ער מיט די הערשאַפטן פון די הימלען און מיט די איינוואוינער פון דער ערד און עס איז ניטאָ קיינער, וואָס זאָל אים ווערן און זאָל צו אים זאָגן: וואָס טוסטו?"

„אין זעלבן מאָמענט האָט זיך אומגעקערט צו מיר מיין פאַר־שטאַנד און צום כבוד פון מיין קעניגרייך האָב איך זיך צוריקגע־קערט און מיינע יועצים און הארן ווענדן זיך צו מיר און איך האָב זיך איינגעפונדעוועט אין מיין קעניגרייך און פיל גרויסקייט איז מיר געמערט געוואָרן.

„און אצינד איז איך נבוכדנצר לויב און גרויס דעם קעניג פון הימל, וואָס אַלע זיינע האַנדלונגען זיינען אמת און אַלע זיינע וועגן זיינען גערעכטע און די אַלע, וואָס פירן זיך מיט גאוה קען ער דערנידעריקן".

ח

# מנא מנא תקל ופרסין

**אין מיטן דער סעודה, וואָס בלשצר האָט געפּראַוועט אין דער נאַכט, וואָס בבל איז געפאלן, באווייזט זיך א האַנט, וואָס האָט פאר די אויגן פון אלע פארזאמלטע אָנגעהויבן שרייבן אויף דעם קאַלך פון א וואַנט אין דעם זאַל, וואו די סעודה איז אָנגעגאַנגען. — קיינער פון די חרטומים, וואָס דער קעניג האָט געשיקט רופן האָט ניט געקענט איבערלייענען די שריפט. — אויף דער עצה פון דער קעניגין האָט מען דניאלן געבראכט. — ער לייענט איבער די שריפט און זאָגט דעם קעניג אויך דעם מיין אירן. — ער זאָגט אים, אז אין דער דאָזיקער שריפט ווערט פאָראויסגעזאָגט, אז די מלוכה זיינע וועט פון אים אוועקגענומען ווערן און אוועקגעגעבן ווערן צו מדי און פרס. — נאָך אין דער זעלבער נאכט איז דער דאָזיקער באשייד מקויים געוואָרן. — אין יענער נאכט איז בלשאצר דער מלך פון די כשדים דערהרגעט געוואָרן. — דניאלס תפלה.**

וועגן דער מפּלה פון בבל ווערט פאָלגנדעס דערציילט אין ספר דניאל, קאפּיטל ה׳:

„בלשאצר*) דער קעניג האָט געמאכט א גרויסע סעודה צו זיינע טויזנט הארן און ער האָט אנקעגן די טויזנט וויין געטרונקען״.

„האָט באפוילן בלשאצר, ווען ער איז שכור געוואָרן, צו ברענגען די גאָלדענע און זילבערנע כלים, וואָס נבוכדנצר זיין פאָטער האָט צוגענומען פון היכל ירושלים און עס האָבן געטרונקען פון זיי דער קעניג און זיינע הארן, זיינע פרויען און קעבס פרויען״.

„זיי האָבן געטרונקען וויין און האָבן געלויבט די געטער פון גאָלד, זילבער, קופער, אייזן, האָלץ און שטיין״.

„אין יענעם מאָמענט זיינען ארויסגעקומען פינגער פון א מענטש־לעכער האנט און האָבן אָנגעשריבן אנטקעגן דער ליכט אויף דעם קאָלך פון דער וואַנט, וואָס אין קעניגלעכן פּאלאַץ״.

„און דער קעניג זעט, ווי עס שרייבט דאָס געשטאַלט פון דער האנט״.

*) לויט די חז״ל איז בלשאצר געווען אן אייניקל פון נבוכדנצר; אויל מרודכם א זון. די געשיכטע דערציילט אונז אָבער, אַז דער קעניג פון בבל קעגן וועלכן כורש האָט געקעמפט, איז געווען נאבאנאד.

„איז פארענדערט געוואָרן דאָס אויסזען פון קעניג און זיינע געדאנקען האָבן אים איבערגעשראָקן און דער באַנד פון זיינע לענדן איז לויז געוואָרן און זיינע קניען האָבן איינע אין דער אנדערער געקלאפט".

„האָט דער קעניג אויסגערופן אין דער הויך, מען זאָל ברייננגען די מכשפים און די חרטומים".

„און דער קעניג האָט זיך אָנגערופן און געזאָגט צו די חכמים פון בבל: יעדער איינער, וואָס וועט איבערלייענען די דאָזיקע שריפט און וועט זיין באשייד זאָגן, וועט ער ווערן אָנגעטאָן אין פורפור און א גאָלדענע קייט וועט אים געגעבן ווערן אויף זיין האלז און איינער פון די גרעסטע דריי אין דער מלוכה וועט ער זיין".

זיינען געקומען די אלע חכמים פון מלך און האָבן ניט געקענט לייענען די שריפט און דעם באשייד זיינעם דעם קעניג מודיע זיין".

„האָט זיך דער קעניג בלשאצר זייער דערשראָקן און דאָס אויסזען פון זיין געזיכט האָט זיך געענדערט און זיינע הארן זיינען צעמישט געוואָרן".

„און ווי דער קעניג מיט זיינע הארן האָבן אזוי גערעדט צווישן זיך — איז די קעניגין אריינגעקומען אויף דער סעודה".

„האָט די מלכה זיך אָנגערופן און געזאָגט: דער קעניג זאָל אייביק לעבן. זאָלן דיר דיינע געדאנקען ניט אָפשרעקן און דיין אויסזען זאָל ניט געענדערט ווערן. עס איז פאראן א מאן אין דיין קעניגרייך, וואָס דער גייסט פון הייליקן גאָט איז אין אים און אין די טעג פון דיין פאָטער איז אין אים געפונען געוואָרן פארשטאנד, שכל און חכמה, ווי די חכמה פון גאָט. און דער קעניג נבוכדנצר, דיין פאָטער, האָט אים באשטימט צו זיין דער שר החרטומים והמכשפים, זאָל ער, דניאל, וואָס דער קעניג נבוכדנצר האָט אים א נאָמען געגעבן בלטשאצר — זאָל ער דעריבער גערופן ווערן און ער וועט דעם באַשייד זאָגן".

„דאָן איז דניאל געבראכט געוואָרן פאר דעם קעניג; האָט דער קעניג זיך אָנגערופן און געזאָגט צו דניאלן: דו, דניאל, פון די אידישע גולים, וואָס מיין פאָטער האָט געבראכט פון יהודה. איך האָב געהערט וועגן דיר, אז דו קענסט באשיידן חלומות און ענטהוילן דאָס פארהוילענע. זאָג איך דיר, אויב דו וועסט קענען איבער־

לייענען די שריפט און זיין באשייד מיר צו זאָגן וועסטו זיין אָנגעטאָן אין פורפור און א גאָלדענע קייט וועט זיין אויף דיין האלז און איינער פון די דריי גרעסטע וועסטו זיין אין דער מלוכה".

„האָט זיך דאן אָנגערופן דניאל און געזאָגט פאר דעם קעניג: דיינע מתנות זאָלן זיין ביי דיר און די געשאנקען גיב אוועק צו אנדערע. די שריפט אבער וועל איך „איבערלייענען און זיין באשייד וועל איך דיר מודיע זיין".

„ דו קעניג — גאָט דער אויבערשטער האָט געגעבן כבוד, גדולה און מלוכה צו נבוכדנצר דיין טאַטן. און צוליב דער גרויסקייט, וואָס ער האָט אים געגעבן, האָבן אלע פעלקער און נאציאָנען געציטערט פאר אים. וועמען ער האָט געוואָלט האָט ער געטויטעט, און וועמען ער האָט געוואָלט האָט ער געלאָזט לעבן. וועמען ער האָט געוואָלט האָט ער דערהויבן און וועמען ער האָט געוואָלט האָט ער דערנידעריקט. און אז ער איז ביי זיך גרויס און דער־הויבן געוואָרן און ער האָט אָנגעהויבן טאָן רשעות, איז ער אראָפּגע־זעצט געוואָרן פון זיין קעניגרייך שטול, און זיין כבוד איז פון אים אוועקגענומען געוואָרן. און ער איז פון מענטשן פאַריאָגט געוואָרן. און זיין הארץ איז ווי דאָס הארץ פון די חיות געוואָרן און מיט די ווילדע איז זיין וואוינונג געווען. גראָז האָט ער ווי אן אָקס געגעסן און מיט דעם טוי פון הימל האָט ער זיין לייב אָנגע־טרונקען ביז ער איז דערגאנגען צו וויסן, אז גאָט, דער אויבערשטער געוועלטיקט איבער דער קעניגרייך פון די מענטשן און וועמען ער וויל שטעלט ער אוועק איבער איר. און דו, זיין זון בלשאצר, האָסט ניט דיין הארץ נידעריק געהאַלטן, כאָטש דו האָסט דאָס אלעס געוואוסט. און דו האָסט זיך דערהויבן איבער דעם האר אין הימל, און די כלים פון זיין הויז האָט מען געבראַכט פאר דיר. און דו און דיינע הארן און דיינע פרויען און קעבס פרויען האָבן געטרונקען אין זיי וויין, און אין די געטער פון גאָלד און זילבער, קופּער, אייזן, האָלץ און שטיינער, וואָס זעען ניט און הערן ניט, האָסטו געגלויבט און צום גאָט, וואָס דיין נשמה איז אין זיין האַנט און אלע דיינע וועגן זיינען זיינע, האָסטו ניט געגרויסט. דעריבער איז פון אים געשיקט געוואָרן א געשטאַלט פון א האַנט און זי האָט אָט די שריפט אנגע־צייכנט".

„און דאָס איז די שריפט, וואָס זי האָט אָנגעשריבן: מנא, מנא תקל ופרסין*) (מניי, מניי תקייל אופארסין)". און דאָס איז דאָס באשייד פון די ווערטער. גאָט האָט געציילט (די יאָרן פון) דיין קעניגרייך און ער האָט צו איר א סוף געמאכט. ער האָט זי געוואויגן אויף וואָגשאָלן און האָט אויסגעפונען, אז עס פעלט איר צו דער וואָג. עס וועט אָפגעטיילט ווערן פון דיר דיין קעניגרייך און זי וועט אוועקגעגעבן ווערן צו מדי און פּרס.

האָט באפעלן דאן בלשאצר און מען האָט אָנגעטאָן דניאלן אין פּורפּור און א גאָלדענע קייט האָט מען אים אָנגעטאָן אויף זיין האלז. און מען האָט אויסגערופן וועגן אים, אז ער זאָל זיין דער דריטער הערשער אין דער מלוכה.

און אין יענער נאכט איז בלשאצר דער מלך פון די כשדים דערהרגעט געוואָרן.

---

צווישן די פילע אנדערע ענינים פון ספר דניאל, וואָס פאָרדינען ספּעציעלע אויפמערקזאמקייט, באדארף אויך אָנגעוויזן ווערן אויף דער תפלה זיינער, פון דניאל. די מערסטע פּרקים פון ספר דניאל זיינען געשריבן אין א שווערער שפּראך, אין א שפּראך פון מליצות און חידות און זיי זיינען מיט סודות און רמזים פול. דאגעגן צייכנט זיך אויס די דאָזיקע תפלה מיט איר איינפאכקייט און קלאָרקייט. און ווי איינפאך זי איז, אזוי איז זי אויך רירנד און הארציק.

„אין ערשטן יאָר פון דריוש בן אחשורוש פון שטאַם פון מדי, וועלכער איז געקרוינט געוואָרן אלס קעניג איבער דער קעניגרייך פון די כשדים — שרייבט דניאל אין קאפּיטל ט' — האָב איך זיך פארטיפט אין די אויסרעכענונגען פון דער צאָל פון די יאָרן, וואָס גאָט האָט געזאָגט צו ירמיהו הנביא, אז אין זיבעציק יאָר ארום וועלן צוריק אויפגעבויט ווערן די חורבות פון ירושלים, און איך האָב געוועלנדט מיין געזיכט צו גאָט צו בעטן און מתפלל זיין. איך האָב געפאַסט און א זאק אויף זיך אָנגעטאָן און אש אויף מיין קאָפּ געלייגט. און איך האָב געבעטן צו גאָט מיין גאָט, און איך האָב

---

*) מנה — איז זעכציק שקלים. תקל — א שקל. פרסין — האלבעמנות. אן אלט שפּריך־וואָרט אויף א זאך פון גרויסער, קליינער און מיטלמעסיקער ווערט.

זיך מתודה געווען און געזאָגט: איך בעט דיר גאָט, דו גרויסער און פירטליכער גאָט, וואָס דו היטסט אָפּ דעם ברית און דעם חסד צו די, וואָס האָבן דיך ליב און היטן דיינע מצוות. מיר האָבן זיך פאַרזינדיקט און פאַרשולדיקט קעגן דיר און דיר ווידערשפּעניקט, און מיר זיינען אוועקגעגאַנגען פון דיינע מצוות און פון דיינע דינים, און מיר האָבן נישט געהערט צו דיינע קנעכט, דינביאים, וואָס האָבן גערעדט אין דיין נאָמען צו אונזערע קעניגן און הארן און צו אונ־זערע עלטערן און צו אַלע איינוואוינער פון לאַנד. צו דיר גאָט געהערט די גערעכטיקייט און מיר שטייען היינט פאַר דיר מיט בושה — מיר אַלע; די בני יהודה און די איינוואוינער פון ירושלים און די אַלע אידן, די נאָענטע און די ווייטע אין די אַלע לענדער, וואָס דו האָסט זיי פאַרשטויסן אהין צוליב דער פעלשונג, וואָס זיי האָבן גע־פעלשט אין דיר. גאָט, מיר באַדאַרפן זיך שעמען פאַר אונזערע מלכים און פאַר אונזערע הארן און פאַר אונזערע עלטערן, וואָס מיר האָבן געזינדיקט קעגן דיר. עס בלייבט פאַר אונז גאַר ניט איבער נאָר צו פאַרלאָזן זיך אויף דיר, אז דו וועסט אויף אונז רחמנות האָבן און פאַרגעבן, כאָטש מיר האָבן ווידערגעשפּעניקט קעגן דיר. מיר האָבן ניט געהערט די שטימע פון גאָט, וואָס האָט אונז גערופן צו פירן זיך לויט זיין תורה, וואָס ער האָט אונז געגעבן דורך זיינע קנעכט, די נביאים, און די אַלע אידן האָבן עובר געווען אויף דיין תורה און זיי האָבן זיך אָפּגעקערט פון איר, זיי זאָלן ניט פאָלגן, וואָס דו הייסט זיי. און עס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אונז די גאַנצע תוכחה, וואָס שטייט געשריבן אין תורת משה, דער קנעכט פון גאָט. און ער האָט מקיים געווען, וואָס ער האָט גערעדט צו ברייננען אויף אונז אזא אומגליק, וואָס איז ניט געשען קיינמאָל אונטער דעם הימל, ווי עס איז אין תורת משה געשריבן. גאָט האָט געאיילט צו ברייננען אויף אונז דאָס גאַנצע שלעכטס. ווארום גאָט איז גערעכט אין אַלעם דעם, וואָס ער האָט געטאָן. ווארום מיר האָבן אים ניט געפאָלגט.

און אצינד, גאָט אונזער גאָט, וואָס דו האָסט ארויסגעצויגן דיין פאָלק פון לאַנד מצרים מיט א שטאַרקער האַנט און דו האָסט זיך געמאַכט א גרויסן נאָמען. מיר האָבן זיך פאַרזינדיקט און פאַרשול־דיקט קעגן דיר. גאָט, ווי גרויס דיין גערעכטיקייט איז, זאָל דיין צאָרן זיך אָפּקערן פון דיין שטאָט ירושלים, דיין הייליקן בארג. ווארום

צוליב אונזערע זינד און צוליב די זינד פון אונזערע עלטערן איז ירושלים און דיין פאָלק צו שאַנדע ביי די, וואָס ארום אונז.

און אַצינד, הער אויס, גאָט אונזערער, דאָס געבעט פון דיין קנעכט און זאָל דיין געזיכט לויכטן איבער דיין וויסטן מקדש. טו עס צוליב דיר, גאָט. נויג דיין אויער, גאָט, און הער אונז אויס, עפן אויף דיינע אויגן און זע אונזער וויסטעניש און די שטאָט, וואָס דיין נאָמען איז איבער איר גערופן געוואָרן. ווארום ניט צוליב אונזער צדקות ווענדן מיר זיך מיט אונזער געבעט צו דיר, נאָר צוליב דיין גרוים רחמנות געפיל. גאָט, הער אונז אויס. גאָט פארגיב אונז. גאָט, פארנעם, וואָס מיר בעטן פון דיר. טו עס און זאָם ניט. צוליב דיר טו עס, גאָט מיינער, ווייל דיין נאָמען ווערט אויף דיין שטאָט און אויף דיין פאָלק גערופן.

צו ענדע דערציילט דניאל, אז זיין געבעט איז געהערט געוואָרן.

— ווי איך — דערציילט ער ווייטער — רייד אזוי און בעט און בין זיך מתודה אויף מיינע זינד און אויף די זינד פון מיין פאָלק ישראל, איז דער איש גבריאל, וואָס איך האָב פריער אין א זעאונג געזען, צוגעפלויגן צו מיר און האָט מיך באַרירט ארום דער צייט, ווען מען איז מקריב די מנחת ערב.

און ער האָט גערעדט צו מיר און האָט געזאָגט:

דניאל איצט בין איך געקומען, איך זאָל דיר אויפקלערן דעם ענין. שוין באַלד אין אָנהויב פון דיין תפלה איז דאָס באַשלאָסן געוואָרן פון גאָט, און איך בין געקומען דיר דעם סוד מגלה זיין. ווארום דו ביזט ליבגעווירדיק.

ט

# וועגן דעם ספר דניאל אין אלגעמיין

אין וועלכער שפּראַך איז דער ספר דניאל אָריגינעל געשריבן געוואָרן. — די שקלא וטריא וועגן דער צייט, אין וועלכער ער איז געשריבן געוואָרן. — גריכישע ווערטער אין ספר דניאל. — פּעלערן, וואָס דער מחבר מאַכט, ווען ער שרייבט וועגן דער געשיכטע פון בבל. — די גענויע און פּינקטלעכע בקיאות, וואָס ער ווייזט אַרויס, ווען ער שרייבט וועגן די מלכי יון, וואָס האָבן געלעבט מיט א 300 יאָר שפּעטער, ווי ער — דער מחבר פון ספר דניאל — זאָל האָבן געוועזן געלעבט. — דער אייגנטימלעכער כאַראַקטער פון ספר דניאל. — ער איז פאַר די מקובלים אַן אומערשעפּלעכער קוואַל געוואָרן, פון וועלכן עס האָט זייער מיסטישער גייסט געטרונקען. — ער איז אויך אַן אומערשעפּלעכער קוואַל פאַר די אידישע און ניט־אידישע „מחשבי קצין” געוואָרן.

דער „ספר דניאל” איז געשריבן אין צוויי שפּראַכן: אין אַראַמיש און אין העברייאיש, דער מבוא פון ערשטן קאַפּיטל ביז דעם פערטן פסוק פון צווייטן קאַפּיטל — איז געשריבן אין העברייאיש. פון יענער שטעלע אָן ביז דעם אַכטן קאַפּיטל איז אַלעס שוין אין אַראַמיש געשריבן. פון דאַן אָן ווידער ביז צו ענדע פון ספר איז שוין ווידער אַלעס געשריבן אין העברייאיש.

און דעריבער איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז צוערשט איז דער גאַנצער ספר געשריבן געוואָרן אין העברייאיש. שפּעטער אָבער איז אַ געוויסער טייל פון אים פאַרלאָרן געגאַנגען, האָט מען אַריינגענומען אין ספר די אַראַמישע איבערזעצונג אָנשטאָט דעם פעלנדיקן העברייאישן אָריגינאַל. און ווידער איז דאָ אַ מיינונג, אַז צוערשט איז דער גאַנצער ספר געשריבן געוואָרן אין אַראַמיש. דערנאָך אָבער האָט מען צום אָנהויב און צום סוף געענדערט די שפּראַך זיינע, כדי מען זאָל אים קענען אַריינגעמען אין כלל פון די כתבי הקודש.

אַנדערע און רבי נחמן קראָכמאַל בראשם ווילן האָבן, אַז דער ספר דניאל איז צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשיידענע מגלות, וואָס

האָבן צירקולירט אין פאָלק — מאנכע פון זיי אין העברייאיש און מאנכע פון זיי אין אראַמיש — וועגן דעם לעבן און ווירקן פון דניאלן און זיינע חברים. און נאָכדעם, ווען עס זיינען אָפּגעזונדערט געוואָרן די מגלות, וואָס די „בעלי־האסופות", וואָס האָבן געשלאָסן דעם תנ"ך, האָבן געפונען פאַר ניט פּאַסיק, ווי די דריי מגלות „בל", „תנין", „שושנה", וועלכע געפינען זיך אין „דער העתיקת השבעים", האָבן זיי די אַלע איבעריקע אין איין ספר פאַראייניקט און האָבן אהין יעדע איינע מגלה אין איר אָריגינעלער שפּראַך אריינגעבראַכט.

דאָ קומען מיר אָבער צו דער פראַגע וועגן דער צייט, ווען דער ספר דניאל איז פאַרפאַסט געוואָרן, און וועגן דער פערזאָן אָדער פערזאָנען, וואָס האָבן אים פאַרפאַסט.

פון דעם ספר דניאלן אַליין דאַרף מען פאַרשטיין, אַז דער מחבר פון ספר — כאָטש אַ פּאָר מאָל רעדט זיך אויך דאָרטן וועגן דניאלן אין דער דריטער פערזאָן — איז טאַקע דניאל איש חמודות אַליין, וואָס איז פון די גאָר ערשטע גולים געוועזן אין בבל.

אין ברייתא אָבער פון דער גמרא (בבא בתרא י"ד), אין וועל־כער עס רעדט זיך וועגן דעם סדר פון די כתבי הקודש און וועגן דעם, ווער עס האָט וועלכן ספר געשריבן, געפינט זיך פאָלגנדער מאמר: „אנשי כנסת הגדולה כתבו יחזקאל, שנים עשר, דניאל ומגלת אסתר" — די אנשי כנסת הגדולה האָבן געשריבן יחזקאל, שנים עשר, דניאל און מגלת אסתר.

און פילע ביבל־פאָרשער ווילן האָבן, אַז אין באַצוג צו דניאל איז דאָ דער פשט פון „כתבו" ניט נאָר, אַז זיי האָבן אויפן פּאַפּיר אַרויפגעבראַכט דאָס, וואָס עס איז פון דניאלן בעל־פּה געבליבן, אָדער זיי האָבן דאָס פון אים געשריבענע מסדר געווען, נאָר מען באַדאַרף עס פאַרשטיין אין דעם זין אַז דער גאַנצער ספר איז ערשט אין זייער צייט פון מענטשן — אָדער מענטשן — פון זייער קרייז פאַרפאַסט געוואָרן. און דערביי ווילן זיי האָבן, אַז מיט די אנשי כנסת הגדולה, וואָס ווערן אין אויבנציטירטן ברייתא פּאַראַגראַף דערמאָנט, מיינט מען די גאָר לעצטע פון אָרום דער חשמונאים־עפּאָכע.

זיי ווילן האָבן, אַז דער ספר דניאל איז אַ פּראָדוקט פון צייטן, וואָס זיינען געווען פיל שפּעטער פון דער צייט, אין וועלכער דניאל דער גולה האָט געלעבט. זייער מיינונג איז, אַז עס איז אוממעגלעך,

אז ער זאָל האָבן געווען פאַרפאַסט דעם ספר דניאל, צוליב די פאָלגנדע טעמים.

ערשטנס, צוליב דעם, וואָס אין דעם העברייאיש פון ספר דניאל געפינען זיך גאַנץ נייע ווערטער, וועלכע זיינען ערשט אין די גאָר שפּעטערדיקע יאָרן אַריינגענומען געוואָרן אין דער שפּראַך. אויך די אַראַמישע שפּראַך איז דאָרטן אַ נייע. און אויסער דעם געפינען זיך דאָרטן אויך גריכישע ווערטער, ווי „סימפּניה", „פסנתרין", וועלכע זיינען באַקאַנט געוואָרן אין ארץ ישראל ערשט אין דער צייט, ווען זי האָט זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון מלכות יון.

אַ צווייטער מאָטיוו איז דאָס, וואָס דער ספר דניאל איז דער ערשטער וועלכער רופט די מלאכים מיט שמות פּרטיים אָן.

אַ מאָטיוו פון גרויס וויכטיקייט איז ביי זיי אויך דאָס, וואָס דער מחבר פון ספר דניאל ווייזט ניט אַרויס קיין גרויס בקיאות וואָס אָנבאַלאַנגט די געשיכטלעכע פאַקטן פון דער צייט פון נבוכדנצר, וואָס איז זיין צייט-גענאָסע געווען. וואָרים זיינע דערציילונגען וועגן יענער צייט שטימען ניט מיט די דערציילונגען פון די עלטערע תנ"ך ספרים, ווי אויך מיט דעם וואָס עס איז געפונען געוואָרן אין די אויפשריפטן פון די בבליים און די גריכן. ער האָט, למשל, פאַרביטן יהויכין אויף יהויקימען און ער דערציילט אונז, אז בשנת שלש למלכת יהויקים איז געקומען נבוכדנצר קיין ירושלים און האָט איר באַלאַגערט און גאָט האָט געגעבן אין זיין האַנט יהויקים דעם קעניג פון יהודה און פילע פון די כלים פון הויז פון גאָט — אַ זאַך, וואָס איז אין אמתן ניט פאָרגעקומען מיט יענעם קעניג.*) עס ווערט אין ספר דניאל אויך גערעדט וועגן נבוכדנצר אַלס דער פאָטער פון בלשצאר. אין אמתן אָבער האָבן זיך צווישן נבוכדנצרן און בלשצאַרן אייניקע מלכים געפונען. אָנשטאָט ווידער, וואָס עס איז באַוואוסט, אַז דריווש האָט געקעניגט נאָך כורשן, ווערט דאָרט דער־ציילט, אַז כורש וואָס איז דער שר פון דריושן געווען, האָט נאָך אים געקעניגט.

אויך דאָס, וואָס דער ספר דניאל איז ניט אַריינגענומען גע־וואָרן צווישן די ספרי נביאים, נאָר צווישן די ספרי כתובים איז אַ

---

*) זע מיין לעצטע באַמערקונג אויף זייט 26.

באוויז, אַז ער איז זייער אַ שפּעטערדיקער. וואָרים זאָגן, אַז ער איז אַריינגענומען געוואָרן צווישן די ספרי כתובים צוליב דעם וואָס דער כאַראַקטער פון זיין אינהאַלט איז גאָר אַנדערש פון די אַנדערע ספרי נבואה, קען מען ניט. מחמת דאַן וואָלט דאָ אויך דער ספר יונה, וועלכער איז אויך גאָר אַנדערש פון די אַנדערע ספרי נביאים באַדאַרפט געווען אַריינגענומען ווערן צווישן די ספרי כתובים. עס בלייבט דעריבער איבער צו דערקלערן עס נאָר מיט דעם, וואָס ער איז אַ גאָר שפּעטערדיקער, ווי עס איז צו זען אויך דערפון, וואָס בן סירא דערמאָנט אים ניט.

אַלס דעם וויכטיקסטן באַוויז אָבער גיבן זיי אָן דעם פאָלגנדן מאָטיוו:

דאָן ווען עס געפינען זיך אין ספר דניאל פילע ניט גענויקייטן און אומפּינקטלעכקייטן בנוגע צו דער געשיכטע פון די מלכי בבל, ווייזט אָבער דער שרייבער דאָרטן אַרויס גענויע און פּינקטלעכע בקיאות בנוגע צו דער געשיכטע פון די מלכי יון. אין קאַפּיטל י״א גיט ער אַ גענויע שילדערונג וועגן די מלחמות, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען צווישן די ממשלה פון די תלמייער און צווישן די מושלים פון דער סעלוקידן דינאַסטיע. אויך גיט ער אָן כמעט גענוי די צייט, וואָס האָט געדויערט פון זינט עס איז פאַרשטערט געוואָרן דאָס מקריב זיין פון קרבן תמיד אין דער צייט פון אַנטיוכוס עפּיפאַנוס ביז מען האָט אים אָנגעהויבן ווידעראַמאָל מקריב צו זיין*)—צוזאַמען מיט די איינצלהייטן פון די רדיפות, וואָס די אידישע אמונה האָט געהאַט אויסצושטיין דעמאָלט פון די יונים און די מתיונים.

עס איז דעריבער זייער מיינונג, אַז דער ספר דניאל איז פאַרפאַסט געוואָרן אין די ערשטע יאָרן פון די מלחמות החשמונאים

---

*) עד ערב בקר אלפים ושלש מאות ונצדק קודש — עס וועלן פאַראיבער צוויי טויזנט און דריי הונדערט אָוונטן און מאָרגנס (טויזנט מיט הונדערט פופציק מעת לעת) בי זדי גערעכטיקייט וועט צו די הייליקע קומען — ביז עס וועט צו זיי דער זיג קומען.

איך וויל דאָ אויך צוגעבן פאָלגנדעס: טראָץ די אַלע אויבנגעבראַכטע מאָטיוון, זיינען מיר אָבער נאָך אַלץ ניט געצוואונגען אָנצונעמען, אַז דער גאַנצער ספר דניאל איז ערשט נאָר אין דער צייט פון די ערשטע חשמונאים מלחמות פאַרפאַסט געוואָרן, און אַז ער איז אַ פּראָדוקט פון איין מחבר נאָר. מען קען נאָך אַלץ אָננעמען, אַז דער ספר באַשטייט פון צוויי טיילן. דער ערשטער טייל

עס האָט אים, לויט זייער מיינונג געשריבן איינער, וואָס האָט אין יענער צייט געלעבט מיט דעם צוועק צו דערמוטיקן די צדיקים און חסידים פון זיין דור זיי זאָלן טריי צו זייער גאָט בלייבן טראָץ די צרות, וואָס זיי באַדאַרפן אויסשטיין צוליב דעם. ער האָט זיי אַלס מוסטער דניאלן און זיינע חברים אַרויסגעשטעלט, וואָס האָבן זיך פון גאָט ניט אָפּגעזאָגט טראָץ דעם אַלעם, וואָס זיי האָבן געליטן צוליב דעם. אין דעם אַלעם, וואָס ער האָט זיי דערציילט וועגן דעם לעבן פון יענע אידישע העלדן האָבן זיי אויך באַדאַרפט טרייסט און האָפענונג געפינען, אַז ענדלעך וועלן אויך זיי אויפגעריכט ווערן, אַז זיי וועלן ניט פאַרניכטעט ווערן פון די פיילן, וואָס דער שונא צילט קעגן זיי.

---

אַזוי ווי אַזוי דער ספר דניאל צייכנט זיך ווירקלעך אויס מיט זיין שפּראַך און מיט זיין אינהאַלט פון די אַלע אַנדערע ספרי נבואה. עס זיינען דורך אים אַריינגענומען געוואָרן צום ערשטן מאָל אַזוינע עלעמענטן אין תנ״ך וועלכע געפינען זיך ניט אין קיין

---

באשטייט פון די דערציילונגען, וואָס געפינען זיך אין אים. דער דאָזיקער טייל ענטהאַלט די קאַפּיטלען א און ג׳־ו פון ספר. דער צווייטער טייל באשטייט פון די נבואות און וויזיאָנען, וואָס דער ספר ענטהאלט. זיי שטעלן צוזאַמען די קאפיטלען ב און ז—י״ב. דער ערשטער טייל איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אין א פריערער צייט. דער שפּעטערער מחבר האָט אים נאָר צוגעגעבן צו זיין אייגענער שאפונג, אויף וועלכער ער האָט דניאלס נאָמען אָנגעגעבן.

מעגלעך ווידער אויך, אז דער מחבר פון צווייטן טייל האָט אין א געוויסער מאָס שעפערישקייט מאַניפעסטירט אויך וואָס אמבאלאנגט דעם ערשטן טייל. מעגלעך, אז דער דניאל מאַטעריאל, וואָס ער האָט פאר זיך געהאט, איז א ניט איינהייטלעכער, א ניט ענטגילטיקער געווען. מעגלעך, אז דער דניאל מאַטעריאל האָט זיך אין פארשיידענע נוסחאות געפונען ביים פאָלק. מעגלעך אויך, אז די פאַרשיידענע לעגענדן זאמלונגען, וואָס האָבן צירקולירט וועגן דניאלן האָבן ניט אַלע דעם זעלבן מאַטעריאל ענטהאלטן. זיי האָבן זיך אונטערשיידט איינע פון די אנדערע מיט דער פארשיידנארטיקייט פון דעם דניאל מאַטעריאל, וואָס האָט זיך אין זיי געפונען. ער — דער מחבר פון צווייטן טייל פון ספר דניאל האָט דעריבער געמוזט אויך טאָן די ארבעטן פון א מסדר, פון א מלקט, פון א רעדאקטאר, איידער ער האָט פון דעם מאַטעריאל, וואָס ער האָט געהאט פאר זיך א פארענדיקטע, איינהייטלעכע זאמלונג געקענט שאַפן, וואָס זאָל קענען צוגעגעבן ווערן צו זיין אייגענער דניאל שאַפונג.

אנדער טייל. דער ספר דניאל צייכנט זיך אויס מיט דער חדות און רמזים שפּראַך, אין וועלכער די נביאות ווערן דאַרטן איבערגעגעבן, ווי אויך דערמיט, וואָס די אַלע נבואות וועגן דעם, וואָס וועט פאַר־קומען „באחרית הימים" מיט די פאַרשיידענע מלוכות, וואָס ווערן דאַרטן דערמאָנט קומען אין דער באַגלייטונג פון די אויספירלעכסטע דעטאַלן און זיי קומען ניט בדרך כלל, ווי ביי די אַנדערע נביאים. ניט גאָט אַליין ווידער, ווי ביי אַלע אַנדערע נביאים דערציילט אים, וואָס עס וועט אין דער צוקונפט פאַרקומען, נאָר ער הערט עס פון די מלאכים, ביי אים געפינען זיך אויך די מלאכים נעמען „גבריאל" און „מיכאל", און מיכאל ווערט ביי אים שוין אויך אַלס דער שר ישראל באַצייכנט.

דער ספר דניאל איז אויך דער ערשטער, וואָס דערמאָנט דעם ענין פון תחית המתים. ער טרייסט די צייט־גענאָסן זיינע בנוגע די חסידים, וואָס האָבן זיך מוסר נפש געווען על קדושת השם און זיינען געשטאָרבן איידער עס איז געקומען די ישועה, אַז אין מאָ־מענט, וואָס איז דערויף פון גאָט באַשטימט, וועלן זיי צום אייביקן לעבן דערוואַכן. ורבים מישני אדמת עפר ווערט אין דניאל י"ב ג' געזאָגט — יקיצו, אלה לחיי עולם ואלה לחרפות ולדראון עולם — און פילע פון די וואָס שלאָפן אין דער ערד וועלן דערוואַכן. די צום אייביקן לעבן און די צו אייביקער שאַנדע.

און רעדט מען וועגן די באַזונדערע אייגנשאַפטן פון ספר דניאל קען מען ניט ניט דערמאָנען די מיסטיש־טעאָלאָגישע עלעמענטן פון ספר דניאל דורך וועלכע ער איז געוואָרן איינער פון די הויפּט קוועלן פון דער אידישער קבלה. דאָרטן געפינט זיך צום ערשטן מאָל דער טעאיסטיש־מיסטישער טערמין „עתיק יומין", וועלכער איז געוואָרן איינער פון די קאַרדינאַלע גרונט־שטיינער פון דער אידישער קבלה. „חזית הוית עדי כרסו רמין ועתיק יומין יתיב" — לייענען מיר אין דניאל ז', י"ט — „לבושיה כתלג חור ושער ראשה כעמר נקא. כרסה שביבין די ניר, גלגלוהי נור דלק" — איך האָב געזען, ווי מען האָט די שטול אויפגעשטעלט, און דער „עתיק יומין" האָט זיך גע־זעצט אויף איר. דער לבוש זיינער איז ווי שניי ווייס, און די האָר פון זיין קאָפּ ווי ריינער וואָל. זיין שטול איז פייער־פלאַמען. די רעדער אירע פייער, וואָס ברענט.

און אין דעם זעלבן קאַפּיטל געפינט זיך אויך דאָס פאָלגנדע בילד: חזי הוית בחזוי לילה וארו עם ענני שמיא כבר אנוש אתא הוא ועם עתיק יומיא מטא וקדמוהי הקרבוהו — איך האָב געזען אין חלום פון דער נאכט און אָט איז מיט דעם וואָלקן פון הימל, ווי א מענטש געקומען און איז ביז צום „עתיק יומין" צוגעקומען און מען האָט אים צוגעפירט צו אים.

די דאָזיקע צוויי מעטאַפיזיש־מיסטישע בילדער האָבן געדינט פאַר די חכמי הקבלה אַלס אומדערשעפּלעכער קוואַל, פון וועלכן עס זאָל זייער דורשטיקער מיסטישער גייסט טרינקען. זיי האָבן זיך אין ריזיקע פאַרצווייגונגען צעוואַקסן. אין גרויסע און טיפע „שיעור־קומה" סודות.

און אויף די צוויי פסוקים ז׳ און ח׳, וועלכע לייענען זיך: „רבה אלנא ותקיף ורומה ימטא לשמיא וחזיתה לסוף כל ארעא: ענפה שפיר ואנבה שגיא ומזון לכלא בה; תחותה תטלל חיות ברא ובענפיה, ידורון צפרי שמיא ומנה יתזין כל בשרא"; אויף די דאָזיגע צוויי פסוקים האָבען זיי וואונדערליכע מגדלים הפורחים באוירה של ספירת מלכות אויפגעשטעלט און תלי תלים פון אנאַ־ליזען און קאָנצעפּציעס אָנגעהויפט איבער און וועגן דער אינער־ליכער נאַטור און וועזענטליכקייט פון דער דאָזיקער ספירה און די אַטריבוטען און פונקציעס, וואָס מען באַדאַרף און מען קען איר צושרייבן.

דער ספר „דניאל" איז אויך דער „תלפיות" פון אַלע „מחשבי קיצין" געוואָרן. אידישע און ניט אידישע מיסטיקער פון פילע פאַר־שיידענע דורות האָבן דורך דעם ספר דניאל געזוכט צו דערגיין דעם „קץ".

אויף די פסוקים „עידן עדנין ופלג עידן", „למועד מועדים וחצי" און פאַר דעם לעצטן פסוק „אשרי המחכה ויגיע לימים אלף שלש מאות שלשים וחמשה" זיינען אין פאַרשיידענע שפראַכן אומצייליקע טראַקטאַטן און ביכער אָנגעשריבן געוואָרן. עס איז וועגן דעם קץ א גאַנצע ליטעראַטור פאַראַן, וואָס באַרוט אויסשליסלעך אויף די אויבנ־דערמאָנטע רמזים פון „דניאל".

ו

# דער משיח גערדאַנק אין דער לעצטער תקופה פון גלות בבל

דער הויפט שטריך, וואָס טיילט פאַנאַנדער די אידישע משיח אידעע פון דער קריסטלעכער. — די ענטוועדטונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט אין דער קריסטלעכער משיח אידעע. — די גאַנצע מענטשהייט ווערט צו די פיס פון איין מענטשן געוואָרפן. — וואָס פאַר אַ פאָלק אַזוינע געטער און אַזוינע משיחים פארמאָגט עס. — דאָס אידישע פאָלק האָט זיך ניט גענויטיקט אין קיין משיח, וואָס זאָל פאר אים א „שעיר לעזאזל" זיין. — ניט יעדער איד קען א גענעראל זיין. פראָסטע סאָלדאַטן זיינען מיר אבער אלע און יעדער איינער באדארף אויף זיך די שווערע לאַסט פון אויסלייזן די וועלט טראָגן. — די גרויסע זעאונגען פון דעם משיח געדאנק צו יענער צייט. — נאַציאָנאַלע דערלייזונג און אוניווערזאלע דערלייזונג.

עס זיינען פאראַן מאָמענטן אין לעבן פון מענטשן, וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער שעפערישער אקטיוויטעט, אריינצוטראָגן א גאנץ נייעם אינהאלט אין דער פסיכיק זיינער, א גאנץ נייעם אינהאלט, וועלכער איז פריער דאָרטן ניט געווען, וועלכער געפינט זיך נאָך דערצו אמאָל אויך אין קאָנטראסט מיט דעם אינהאלט, וואָס געפינט זיך דאָרטן פון פריער נאָך.

געוויסע איבערלעבונגען, וואָס דער מענטש לעבט איבער, געוויסע פאסירונגען וואָס געשעהען מיט אים, געוויסע קאטאסטראָפאלע ווענדונגען אין דעם שיקזאל זיינעם לייגן ארויף אמאָל א שארפן אייגנארטיקן שטעמפּל אויף דער פסיכיק זיינער, ווייזן זיך ארויס אמאָל צו שפּילן א זייער וויכטיקע ראָלע אלס „כור מצרף", אין וועלכן עס ווערט די גאנצע נשמה זיינע איבערגעשמאָלצן. זיי גיבן נייע קאָלירן צו דער אינערלעכער וועלט זיינער און טראָגן אין איר נייע קלאנגען אריין.

עס זיינען פאראן געוויסע לעבנס־אומשטענדן, וואָס ווען דער מענטש ווערט אונטער זייער ווירקונג געשטעלט, איבן זיי אויף אים זייער איינפלוס אויס, צו מאכן אים אלץ מער און מער איינגהערציק,

צו איינשליסן אים אַלץ מער און מער אין די דל״ד אמות פון נאָר וועגן זיך אַליין צו טראַכטן און נאָר וועגן זיך אַליין צו זאָרגן. זיי שפּרייטן פאַרנאַנדער אַ טיפן תהום צווישן אים און צווישן דער אַרומיקער וועלט. און נאָר די זאָרג וועגן זיין אייגענעם גליק האַלט אים דאַן באַאומרואיקט שטענדיק. און נאָר פון זיין אייגענעם ווערט דעם באַוואוסטזיין פאַרמאָגט ער דאַן. נשמה־קמצנות, און פסיכישע איינגעשרומפּענקייט — דאָס איז די ירושה, וואָס אָט יענע אומשטענדן לאָזן איבער פאַר דעם מענטשן. זיי מאַכן דעם מענטשן אַנטי־סאָציאַל און פאַרוואַנדלען אים אין אַ גייסטיקן קבצן, וועלכער פאַרמאָגט גאָר ניט אין דער נשמה זיינער פאַר זיינע מיטמענטשן.

דאַגעגן זיינען אויך פאַראַן אַזוינע לעבנס־אומשטענדן, וואָס אונטער זייער ווירקונג ווערן ברייטע טירן אין הארץ פון מענטשן צו דער אַרומיקער וועלט געעפנט. עס ווערט דורך זיי דער מענטש צאַרט־פילנדער און פיל־פילנדער. זיי שטויסן אים, ער זאָל אַלץ מער און מער פון דעם אַלגעמיינעם אַרומיקן לעבנס־שטראָם פאַר־כאַפּט ווערן, און ער זאָל דיינקען און טראַכטן וועגן זיך נאָר ווי וועגן אַ טייל פון איין גאַנצן, וועלכער איז פון ענלעכע טיילן, ווי ער, צוזאַמענגעשטעלט. די זאָרג וועגן זיין אייגן גליק ווערט ביי אים דאַמאָלס אַ טייל נאָר פון זיין זאָרג פאַר דעם אַלגעמיינעם גליק. און צום באַוואוסטזיין פון זיין אייגענער ווערט קומט ער דורך דעם באַנעמען זיינעם פון דער ווערט פון אַנדערע. ווי אַ צאַרטער פידל ווערט דורך זיי זיין האַרץ, עס זאָל קענען אויפנעמען די אַלע טענער און קלאַנגען, וואָס רייסן זיך פון אַנדערע הערצער אַרויס און זיי טראָגן אַריין אין דער נשמה זיינער רייכע אוצרות פון קאָלעקטיווע טרוימען און באַגערן.

און דאָס זעלבע, וואָס עס קומט פאַר מיט דעם איינצעלנעם, קומט אויך פאָר מיט דעם קבוץ, מיט אַ גאַנץ פאָלק.

אונטער דער ווירקונג פון געוויסע אומשטענדן, פון געוויסע פּאַסירונגען, ווערט אַמאָל אַ פאָלק עגאָאיסטיש, אין זיך איינגע־שלאָסן און טיילט זיך מיט אַ דיקער וואַנט אָפּ פון אַלע אַנדערע פעלקער. אונטער דער ווירקונג אָבער פון אַנדערע לעבנס־אומשטענדן הויבט עס אָן צו דיינקען און פילן קאָלעקטיוויסטיש, הויבט עס אָן אַלס מיטגליד פון דער גאַנצער אַרומיקער פעלקער־משפחה זיך צו

פילן און טרוימט און האָפט דאָן ניט נאָר וועגן זיין אייגן גליק, נאָר אויך וועגן דעם גליק פון דער גאַנצער וועלט.

און אָט אין אַזאַ — אין דער צו לעצט דערמאָנטער — ריכטונג איז אויך געווען די ווירקונג פון די לעבנס־פּאַסירונגען פון די גולי בבל. זיי האָבן זיי דאָן אינערלעך צו אַלע אַנדערע פעלקער דער־נעהנטערט און האָבן ביי זיי אין האַרצן די בעסטע וואונשן פאַר זיי פאַרפלאַנצט.

און איר שענסטן אויסדרוק האָט די דאָזיקע ווירקונג געקראָגן אין דעם משיח געדאַנק, ווי ער האָט זיך אין יענער צייט ביים אידישן פאָלק קריסטאַליזירט.

דער משיח געדאַנק איז קיינמאָל ניט פריער און קיינמאָל ניט שפּעטער אויף אַזאַ הויכער מדרגה געשטאַנען ביי אידן, ווי דאָן. ער האָט קיינמאָל ניט ווי דאָן אַזאַ רייכן און טיפן — און צוזאַמען דערמיט אויך — ריינעם און געלייטערטן אינהאַלט פאַרמאָגט.

אין די פריערדיקע עפּאָכן אין דער צייט פון בית ראשון האָט דער משיח געדאַנק אין אַ מער אָדער ווייניגער ענלעכער פאָרם צו דער, אין וועלכער ער איז פאַר אונז שפּעטער אין די פאַרשיידענע פאַזן פון זיין היסטאָרישער ענטוויקלונג אַרויסגעטראָטן, גאָר אין גאַנצן ניט עקזיסטירט. עס האָט אמת, דער באַגריף משיח שוין אויך דאָן עקזיסטירט. ער האָט אָבער דאָן ניט מער, ווי נאָר זיין עטימאָ־לאָגישע באַדייטונג — אַ געזאַלבטער — פאַרמאָגט. ער האָט נאָך ניט פיגורירט דאָן אַלס גאולה־געדאַנק, אַלס היסטאָרישע אידייע. ניט נאָר האָט ער נאָך ניט ענטהאַלטן דאָן דעם עלעמענט פון דער אוני־ווערזאַלער שוין אויף אייביק דויערנדער גאולה, נאָר אויך ניט דעם עלעמענט פון דער ענדגילטיקער און שוין אויף קיינמאָל ניט איבער־געריסענער אידישער גאולה. דער טערמין משיח איז נאָך דאָן גאָר אינגאַנצן ניט געווען אַן עפּיטעט, וואָס איז באַשטימט פאַר אַן איין און איינציקן, פאַר דעם איינציקן אויסדערוויילטן. יעדער איינער פון די אידישע קעניגע האָט געהייסן משיח, זיי האָבן אַלע געהייסן משיחי השם, די געזאַלבטע פון גאָט, צוליב דעם, וואָס דער הויפּט צערעמאָניאַל פון קרוינען אַ קעניג איז געווען דאָס זאַלבן אים אין גאָטס נאָמען מיט בוימאויל. שוין דער ערשטער קעניג שאול איז מיט דעם נאָמען משיח באַצייכנט געוואָרן.

און גאָר שפּעטער, א פּאָר תקופות נאָך דעם גלות בבל, האָט דער משיח־געדאנק אָנגענומען שוין צופיל מיסטישן כאַראַקטער און האָט זיך אין נעבלהאַפטע וואָלקנס פון טעאָסאָפישע און טעאָלאָגישע עלעמענטן געטראָגן. דאָס שפּעטערדיקע משיח בילד איז אויך אין צופיל נאַציאָנאַליסטישע איינגע ראַמען איינגעפּאַסט געוואָרן.

גאַנץ אנדערש איז אָבער געווען דער משיח געדאַנק אין דער תקופה פון גלות בבל. ער האָט זיך דאַן ביז די העכסטע הויכן פון א גרויסן געזעלשאַפטלעכן אידעאַל דערהויבן, און האָט אַזוי פיל וואונדערבאַרן אוניווערזאַלן שוואונג דאַן פאַרמאָגט. דער משיח געדאַנק האָט אין יענער תקופה די אַלע צווישן פאָלק און פאָלק גרע־ניצן פאַנאַנדערגעעפנט און האָט זיי אַלע אויף זיינע פאַנטאַסטישע פליגלען געטראָגן אין די ווייטע, ליכטיקע האָריזאָנטן פון אַלגע־מיינעם מענשלעכן גליק ערדישן. די משיח אידייע איז דאַן אויף דער העכסטער הויך פון מענשלעכקייט און אַלמענטשלעכקייט גע־שטאַנען און עס האָט געאָטעמט פון איר מיט גבורה אין איר גלויבן אין דעם מענטשן און אין די באַהאַלטענע כחות, וואָס ער פאַרמאָגט, ער זאָל קענען אליין זיין גואל ווערן.

---

דער הויפּט שטריך, וואָס טיילט פאַנאַנדער די אידישע משיח־אידייע פון דער קריסטלעכער, איז דער עלעמענט פון פאַטאַליזם און דער עלעמענט פון פּאַלשטענדיקער ענטוועורטונג פון דער מענטש־לעכער פּערזענלעכקייט און דאָס באפרייען איר, כמעט, אין מעטאַפי־זישן זין פון אירע פליכטן און פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

ווערטלאָז איז אין די אויגן פון קריסטענטום דער גאַנצער קאָ־לעקטיוו, די אַלע איינצלנע יחידים זיינע. נאָר אין אים, אין דעם איינציקן ווערטפאָלן, אין דעם שוין געקומענעם, קען איינער זיין ווערט געפינען. אָן אים אָבער ווערט ווערטלאָז יעדער איינער. נאָר אין דעם זכות פון איין איינציקן לעבן אַלע. די גאַנצע וועלט ווערט מיט דער באַליידיגענדסטער פּאַר דעם מענטשן הכנעה צו די פיס פון איינעם אוועקגעלייגט.

דאָס אידנטום אָבער ווייסט ניט פון אַזא מבטל זיין די איינענע פּערזענלעכקייט, פון אַזא פאַטאַלאָגישער פאַרלייקענונג פון דעם איך פון מענטשן, פון אַזא סאַדיסטישן שענדן די מענטשלעכע ווירדע.

ניט אַלע פּערזענלעכקייטן זיינען גלייך ווערטפאָל אין די אויגן פון אידנטום, קיינער אָבער פון זיי איז ניט ווערטלאָז, יעדע מענטשלעכע פּערזענלעכקייט האָט זיך איר ווערט.

נאָר אויף איינעם האַלט זיך אַלעס אין דער קריסטלעכער משיח־אידייע. נאָר ער איינער אַליין שטייט אין גאולה־צענטער. ער האָט פאַר די זינד פון דער גאַנצער מענטשהייט געליטן, און דורך זיינע ליידן זיינען ווידער אויך אַלע מענטשן באַפרייט געוואָרן. דער שיקזאַל פון די אַלע יחידים ווערט פאַטאַל אין דעם איינעם יחיד אָנגעבונדן. אין אים זיינען אַלע האָפנונגען קאָנצענטרירט. ער טראָגט די דערלייזונג פון יעדן און אָן אים קען קיינער קיין תקומה ניט האָבן.

אַנדערש אָבער איז די אידישע משיח־אידייע. אפילו אין דעם מיסטישן משיח־בילד פון די גאָר שפּעטערדיקע צייטן איז אבוועזנד אָט יענער עלעמענט פון קאָנצענטרירן אַלעס אַרום איין פּערזאָן, פון אוועקלייגן די גאַנצע וועלט צו די פיס זיינע און פון באַפרייען כמעט די איינצלנע מענטשלעכע פּערזענלעכקייט פון אירע פליכטן און פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט.

אפילו נאָך דעם גאַנצן מיסטישן פּלאָנטער, וואָס איז אדיינ־גענומען געוואָרן אין די שפּעטערדיקע יאָרן אין דער משיח־אידייע ביי אידן, אפילו נאָך אָט יענע אַלע עזאָרעטישע אייננשאַפטן און שילדערונגען, דורך וועלכע די אידישע מיסטיק האָט אונז שפּעטער דאָס משיח־געשטאַלט געוויזן — אפילו נאָך דעם אַלעם געפינט זיך אַ תהום אַ טיפער צווישן דער אידישער משיח־קאָנצעפּציע און דער קריסטלעכער. נאָך די אַלע אַפּאָקאַליפּטישע שילדערונגען, וואָס די אידישע מיסטיק גיט אונז וועגן די מיסטעריעזע „מאין־ולאן”־וועגן פון משיח, בלייבט נאָך אַלץ איבער פונדעסטוועגן ריין דאָס משיח־געשטאַלט פון אירגנד וועלכע גאָטגלייכלעכע עלעמענטן, ווערט משיח נאָך אַלץ ניט אויסגעשטעלט אַלס דער גורם און דער אָנהאַלט פון אַלעם דעם וואָס לעבט און עקזיסטירט.

גרויס איז די ליבע, מיט וועלכער די אידישע מיסטיק מאָלט פאַר אונז דאָס משיח־בילד. הימל הויך איז דער פּעדעסטאַל, פון וועלכן זי לאָזט אים אויף אונז אראָפּקוקן. זי שרייבט אָבער דאָך ניט צו שוין דעם פאַקט אַליין פון זיין עקזיסטענץ די אייגנשאַפט

דאָס לעבן צו כשרן, זיין עקזיסטענץ אָנצוהאַלטן, ווי דאָס קריס־טענטום טוט עס.

דאָס אידנטום אָנערקענט די מדרגה פון „תוספות קדושה", צו וועלכער דער אויסדערוויילטער דערגרייכט. אויף דער תוספות קדושה אַליין אָבער פון דעם איינצעלנעם יחיד קען זיך נאָך די וועלט ניט האַלטן. די וועלט קען זיך נאָר אויף דער קדושה פון רבים האַלטן. דער אַקט פון הייליקן דאָס לעבן, פון פירן די וועלט צו איר דערלייזונג, קען ניט זיין די אַרבעט פון יחיד, נאָר פון גאַנצן קאָלעקטיוו. דער גאולה מאָמענט קען קומען נאָר דורך אַ קאָלעקטיוון אַקט, נאָר דורך פאַראייניקטע כחות, דורך קאָלעקטיוון איבער־ברעכן זיך דורך קאָלעקטיוון באַקערן זיך צו גאָט. אויב עס איז מעגלעך אפילו, אז משיח זאָל אין אַ „דור שכלו חייב" קומען, קען אָבער דאָך ניט שוין גאָר זיין קומען אַליין מיט זיך די גאולה פאַרשטעלן. דער גאולה מאָמענט וועט זיין דאָן, ווען ער וועט דעם „דור שכלו חייב" פאַר אַ „דור שכלו זכאי" מאַכן. „אין משיח בא אלא לשעבד את לבותיהם של ישראל לאביהם שבשמים". עס איז ניטאָ אין דער אידישער משיח אידייע אזא פאַטאַל אויפלייזן פון דעם אייגענעם איך אין דעם פון אים געשאַפענעם משיח־בילד, אזא פאַטאַל אָפּזאָגן זיך פון אייגענע דער־לייזנדע פייאיקייטן ווי אין דער קריסטלעכער משיח־אידייע.

עס איז דאָ פּלאַץ אין די אָנשויאונגען פון אידנטום פאַר דעם אדם עילאה, פאַר דעם פון גאָט געזאַלבטן. זיין ראָלע איז אבער ניט אַ „זינד באָק" צו זיין דורך וועלכן עס זאָלן אָפּגעווישט ווערן די זינד פון די גלויביקע אין אים, וועלכער זאָל אַ „שליח צבור" זיין „צו מוציא" זיין זיי פאַר גאָט דורך זיין באהעפטן זיך אין אים. דורך דעם וואָס ער געפינט זיך אויף אַ העכערע מדרגה, ווערט נאָך ניט געגעבן עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג צו די נידעריקע מדרגות, אויף וועלכע די אַנדערע געפינען זיך. זיין מיסיאָן איז אָפּצעווישן דעם ווייטן דיסטאַנץ, וואָס געפינט זיך צווישן זיי און אים. זיין אויפגאַבע איז צו דערנענטערן זיי אַלץ מער און מער צו דער מדרגה אויף וועלכער ער געפינט זיך, צו מאַכן זיי אַלץ מער און מער צו אים ענלעך. זיין ראָלע איז צו זיין אַ מעורר, אַ באַקערער, אבער ניט, ער נאָר אַליין זאָל אויף זיך די גאַנצע לאַסט פון דער וועלט טראָגן.

יעדער איינער דאַרף זיין משיח זיין. עס קען קיינער ניט זיין קיין משיח פאַר דעם צווייטן. אויף יעדן איינעם ליגט די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַר די זינד פון דער וועלט און יעדער איינער דאַרף פאַר איר דערלייזונג זאָרגן. ניט נאָר „יכול כל אדם להיות כמשה רבנו", נאָר יעדער איינער דאַרף שטרעבן דערצו, ער זאָל עס אויך זיין. יעדער איד דאַרף זיך אַלס א מעגלעכן צדיק באַטראַכטן, און יעדער צדיק דאַרף אויף זיך, ווי אויף עם מעגלעכן צדיק הדור קוקן. און דערמיט דערקלערט זיך די שיינע דערשיינונג אין אידישן לעבן, וואָס אין יעדן דור, כמעט, האָבן זיך געפונען גרויסע אידישע פערזענ־לעכקייטן, וואָס האָבן זיך אַלס משיח באַטראַכט. ווארום די אידישע משיח־אידייע איז א לעבעדיקע אידייע געווען, וואָס האָט באַוועגלעכן אינהאַלט פאַרמאָגט, וואָס האָט פאַר זיך סאָציאַל־פּאָליטישע און מאָראַל־פּסיכאָלאָגישע אידעאַלן געהאַט, דאַן, ווען די קריסטלעכע משיח־אידייע פאַרמאָגט גאָר א טויטן מעטאַפיזישן אינהאַלט אין זיך. זי איז דעריבער פאַרשטיינערט און פאַרגליווערט געבליבן נאָך דעם, ווי עס איז אין איין מאָמענט איר אינהאַלט פאַר א באַשטימטן צוועק אויסגענוצט געוואָרן. זי האָט געמוזט אין די ווייטערדיקע מאָ־מענטן שוין אומפּרוכטבאַר בלייבן, ווייל זי האָט ניט געהאַט אויף וואָס אַקטיוו צו זיין נאָכדעם, וואָס עס איז שוין מיט איין מאָל רעאַליזירט געוואָרן דער אינהאַלט אירער. די אידישע משיח־אידייע רעדט אין נאָמען פון אַן אידעאַל, וואָס דאַרף ערשט פאַרווירקלעכט ווערן, וואָס זיין רעאַליזירונג דאַרף ערשט קומען, דאַן, ווען די קריסטלעכע משיח־אידייע רעדט אין נאָמען פון א זאַך, וואָס איז שוין געשעהן, וואָס עס איז שוין פאַרווירקלעכט געוואָרן.

---

יאָ, דער אידישער משיח־אידייע איז פרעמד דער עלעמענט פון פאַטאַליזם, פון אָנהייגגען די גאַנצע לאַסט פון דער וועלט אויף איין איינציקן. וואָס פאַר א פאָלק אַזוינע געטער און משיחים פאַר־מאָגט עס.

די קריסטלעכע וועלט, וואָס האָט געזונקען אין תאוות און האָט זיך אין דער נעץ פון יצר הרע געפילט פאַרפּלאָנטערט, האָט זיך געשאַפן אַזא משיח, ווי זי האָט נויטיק געהאַט, וואָס האָט זיך איר געלוינט. זי האָט זיך געשאַפן א „שעיר־לעזאזל"־משיח, וואָס

אויף דעם חשבון פון זיין פרום זיין זאָלן זיי קענען ביי דעם נאָכ־געבן פון אַלע זייערע האוות, בלייבן, וואָס אויף דעם חשבון פון זיין „תוספות קדושה" זאָלן זיי קענען בלייבן זינקען אין די מ"ט שערי טומאה זייערע און פאַרשפּאָרן זיך אָנשטריינגען צו טאָן אַן אַרבעט, וואָס איז ניט פאַר זייערע כחות, זיי זאָלן אויך אַליין אַ געוויסע מדרגה פון קדושה אין זייער לעבן דערגרייכן; אַ שעיר לעזאזל משיח, וואָס זאָל זיי די טובה טאָן און פאַר זיי זיין בלוט פאַרגיסן, כדי דערמיט זייערע זינד אויסקויפן, זיי זאָלן שוין ווידער אַמאָל פון דאָס נײַ קענען אָנהויבן זינדיקן.

דאָס אידישע פאָלק אָבער, וואָס איז אַ „כובש את יצרו" פאָלק פון די ערשטע צייטן אָן שוין פון זיין געשיכטע, האָט זיך קיינמאָל ניט אין אזא משיח גענויטיקט. און דעריבער האָט זיך ביי אידן די משיח־אידייע ניט פאַרוואַנדלט קיינמאָל אין קיין שעיר־לעזאזל אידייע. די אידן האָבן ניט באַדאַרפט האָבן אַזאַ איינעם, וואָס זאָל זיי לייכטער מאַכן דעם וועג צו זינדיקן, וואָס זאָל אויף זיך די אַרבעט נעמען שוין אויך פאַר זיי גוט און פרום צו זיין. משיח אין דער אידישער משיח־אידייע איז ניט דער אַרון, אין וועלכע די גאולה ליגט, ניט דאָס מיטל, דורך וועלכן די דערלייזונג קומט, נאָר די דערגרייכטע רעזולטאַטן, דער לעצטער ערגענצנדער שטריך פון דער גאולה, וואָס באַשטייט אין דעם קאָלעקטיוון באַקערן זיך צו גאָט, וואָס איז דורך דעם גאַנצן קאָלעקטיוו דערגרייכטער העכערער מאָ־ראַלער הנהגה געקומען. ניט יעדער איד קען אַ גענעראַל זיין. פּראָסטע סאָלדאַטן זיינען מיר אָבער אַלע. און יעדער איינער פון אונז דאַרף אויף זיך די שווערע לאַסט פון דער וועלט טראָגן. און יעדער איינער פון אונז דאַרף אויף זיך פילן די שווערע פליכט צו אַרבעטן דערפאַר, ער זאָל דעם מאָמענט פון דער דערלייזונג פון דער וועלט מקרב זיין.

---

און אין גאָר העלסטן ליכט זייערן האָבן זיך געזען די דאָזיקע כאַראַקטער־שטריכן, וועגן וועלכע איך האָב פריער גערעדט, אין דעם משיח געדאַנק, ווי ער האָט זיך אין די לעצטע יאָרן פון דער תקופה פון גלות בבל פאַנאַנדערגעבליט.

אין צענטער פון דער משיח־אידייע צו יענער צייט איז, כמעט, גאָר אינגאַנצן קיין איינצלנע פערזענלעכקייט ניט געשטאַנען. דער

גאַנצער אַלמענטשלעכער קאָלעקטיוו, דער אידישער, ווי דער ניט־אידישער, טרעט דאַן אַלס דער גאולה־ברייַנגענדער משיח ארויס.

די משיח־אידייע איז, ווירקלעך, אין יענער צייט אויף איר העכסטער הויך געשטאַנען. די רעליגיעזע און סאָציאַלע עלעמענטן, וואָס זי האָט דאַן פאַרמאָגט, זיינען פון ריינסטן טאָן געווען. איר אינהאַלט איז געווען דאַן דער אידעאַל צו זען דעם סאָציאַלן יושר, די סאָציאַלע גערעכטיקייט און דעם ריינעם באַגריף וועגן גאָט די גאַנצע וועלט באַהערשן.

דער אידעאַל זייערער פון דעם פאָרשטייער פון פאָלק, פון דעם קעניג, וואָס וועט איבער זיי באַשטימט ווערן, ווען זיי וועלן זיך צוריק אומקערן קיין ארץ ישראל איז שוין געווען איצט ניט קיין קריגס־העלד, אַזוינער, וואָס זאָל פאַר זיי מיליטערישן דערפאָלג זוכן, נאָר די מאָראַליש הויך־געשטעלטע פערזענלעכקייט, דער אויס־דערוויילטער, „וואָס" — ווי ער ווערט כאַראַקטעריזירט אין איינער פון די גאָר אַלטע אידישע נבואות — „עס וועט רוען אויף אים דער גייסט פון גאָט, דער גייסט פון חכמה און פאַרשטאַנד, דער גייסט פון עצה און גבורה, דער גייסט פון וויסן און מורא פאַר גאָט, וועלכער וועט ניט אורטיילן לויט דעם זען פון זיינע אויגן, און ניט לויט דעם הערן פון זיינע אויערן וועט ער ענטשיידן, נאָר ער וועט משפטן מיט גערעכטיקייט די אָרעמע לייט; ער וועט ענטשיידן מיט יושר פאַר די ליידנדע פון דער וועלט" —

„און ער וועט שלאָגן די ערד מיט דער רוט פון זיין מויל, און מיט דעם אָטעם פון זיינע ליפּן וועט ער טויטן דעם רשע" —

„און גערעכטיקייט און גלויבן וועלן דער גאַרטל פון זיינע לענדן זיין".

די משיח־אידייע, אין דער פאָרם, אין וועלכער זי האָט זיך דאַן געזען, איז געווען אַ פּראָדוקט פון דעם לעצטן רייכן און אינ־טעסיוון געשיכטלעכן פעריאָד יאָרן, וואָס זיי האָבן ביז דאַן דורכ־געמאַכט. זי איז געווען די ווייטערדיקע פאָרטזעצונג פון דער שוין־געשעהענער פאַרווירקלעכונג פון דעם אידעאַל פון די נביאים, אַז די אַמביציע פון אידישן פאָלק זאָל ניט זיין אַ שטאַרקע מיליטערישע מאַכט צו ווערן, פּאָליטישע הערשאַפט איבער אַנדערע פעלקער צו

ערווערבן, נאָר די אמביציע צו לעבן א לעבן פון העכערער מאָראלער שלימות.

דורך דעם גרויסן צער און פיין, וואָס זיי האָבן געליטן, געלייטערטע און פארטיפטע, האָבן זיי ערוואָרבן די פיאיקייט, צו א מער טיפן באנעמען פון דער וועלט קענען צוקומען, פיל טיפער אין דעם שורש פון זאכן זיך קענען איינקוקן.

עס האָבן זיך ביי זיי די אויגן געעפענט צו זען, אז ניט די לעבנס־אינטערעסן פון די פעלקער דיקטירן זיי צו שטיין באוואָפנט איינער קעגן צווייטן און צו קאָנקורירן איינער מיט דעם אנדערן מיט זייער מיליטערישער שטארקייט, נאָר די רשעות פון דער וועלט, וועלכע וויל, אז די מענטשן זאָלן אין פיינדלעכע לאַגערן איינגעטיילט זיין און עס זאָל וואָס מער חורבן אין לעבן אריינגעטראָגן ווערן.

עס האָבן זיך ביי זיי די אויגן געעפנט צו זען, אז די פעלקער דאַרפן זייער גליק און וואוילזיין זוכן ניט אין מיליטערישער גבורה, אין אויסערלעכער שטארקייט, נאָר אין אינערלעכער מאָראלער שטאַרקייט. האָבן זיי דאָך געזען, ווי זייער שטרעבונג א גרויסע פּאָליטישע מאכט צו ווערן האָט אויף זיי זייער גרויסן אומגליק געבראַכט. האָבן זיי דאָך די איבערצייגונג דערוואָרבן, אז קיין פּאָליטישע מאכט, מעג זי היינט, די שטארקסטע אויף דער וועלט זיין, קען ניט זיכער זיין, אז זי זאָל ניט מאָרגן פון א שטארקערער פון איר צעבראָכן ווערן.

מיט א צעבראָכן געמיט צו גאָט־באקערטע, דורך דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, וואָס זיי האָבן דורכגעלעבט, האָט זיך א מעכטיקע שטרעבונג צו זיי אין הארצן פארקליבן, זיי זאָלן צו דער פולסטער אינערלעכער דערלייזונג זייערער צוקומען, זיי זאָלן, וואָס מער ווייטערע דיסטאנצן דורכגיין אויף דעם נייעם וועג, איבער וועלכן זיי האָבן אָנגעהויבן צו גיין, ביז זיי זאָלן די העכסטע מדרגה פון דערהויבונג און אויסלייטערונג דערגרייכן.

און דערגרייכנדיק אליין א הויכע מדרגה פון מאָראלער שלימות און שטרעבנדיק צו א נאָך גרעסערער פארפאָלקאָמונג, איז דער הייסער באַגער פון די גולי בבל געוואָרן, אז אויך די אלע אנדערע פעלקער זאָלן צו גאָט באקערט ווערן, אז די גאנצע וועלט זאָל איר תקון אין דער אנערקענונג פון מלכות שדי געפינען, אז די גע־בענטשטע פון צדק און יושר שפע זאָל זיך פון אידישן לאַנד אין

אַלע אַנדערע לענדער פאַר די אַלע פעלקער פון דער וועלט ציען. דער נאַטירלעכער דראַנג פון יעדן פאָלק א „נגיד ומצוה" פאַר אַנדערע פעלקער צו זיין, אַנדערע פעלקער אונטער זייער מאַכט אונ־טערגעוואָרפן צו האַלטן, האָט ביים אידישן פאָלק דאָן די פאָרם אָנגענומען פון וועלן א לערער און וועגווייזער זיין פאַר די אַנדערע פעלקער. זי איז ריין געווען דעמאָלס פון יעדן וואולגאַרן אינהאַלט. ניט דורך איר אויסערלעכער קראַפט וועט ציון שטאַרק זיין, נאָר דורך איר אינערלעכער קראַפט, ניט מיט מיליטערישער גבורה וועלן זיי די וועלט באַהערשן, נאָר מיט מאָראַלער גבורה.

מיט וואונדערבארער קראַפט און שיינקייט האָט דאָן די אידישע משיח־אידעע איר „והיה באחרית הימים" טרוים געשפּינט — „ווען עס וועלן אַלע פעלקער גיין און זאָגן: קומט, לאָמיר גיין צום באַרג פון גאָט, צום הויז פון גאָט פון יעקב און זאָל ער אונז לערנען זיינע וועגן און לאָמיר גיין אין זיינע דרכים, ווארום פון ציון וועט די תורה ארויסגיין און דאָס וואָרט פון גאָט פון ירושלים. און ער וועט משפטן די פעלקער און ער וועט ענטשיידן צווישן פילע פעלקער און זיי וועלן צעשטויסן זייערע שווערדן אויף אַקער־אייזנס און זייערע שפּיזן אויף שניידמעסערס. עס וועט קיין פאָלק קעגן דעם צווייטן פאָלק קיין שווערד ניט אויפהויבן און זיי וועלן זיך ניט לערנען מער קיין מלחמה".

גרויסע פליגלען שיינע זיינען דאָן געגעבן געוואָרן דער משיח־אידייע, צו קענען זיך אויפהויבן אויף זיי איבער די צווישן פאָלק־און־פאָלק גרענעצן. א גרויסער שוואונג איז איר דאָן געגעבן געוואָרן, צו טרוימען וועגן גליק און פרידן פאַר דער גאַנצער מענטש־הייט, צו טרוימען וועגן דעם גליקלעכן טאָג, ווען עס וועט די גאַנצע וועלט פון שיינער האַרמאָניע און ברידערלעכער ליבע באַהערשט ווערן, ווען דאָס הויז פון גאָט וועט א געבעט הויז פאַר אַלע פעלקער גערופן ווערן, ווען דאָס אידישע פאָלק וועט איבערנעמען די גייס־טיקע פירערשאַפט פון דער וועלט, „פאַר אַלע פעלקער זיין משפט ארויסברייגלען און אויף זיין לערע וועלן אַלע פעלקער פון די אינזלען ארויסקוקן".

און וואָס מער זי האָט איר שיינעם טרוים וועגן דעם אנקו־מענדן גליק פאַר דעם מענטשן געשפּינט, אַלץ מער איז איר באַ־

גייסטערונג געוואקסן און האָט אַלץ מער גראַנדיעזע זעאונגען אָנגע־הויבן צו זען. אין די מאָמענטן פון איר וואַקסנדן עקסטאַז האָט זי שוין אָנגעהויבן רעדן ניט נאָר וועגן דעם גליק און פרידן, וואָס וועלן צווישן די מענטשן הערשן, נאָר אויך וועגן דעם גליק און פרידן, וואָס וועט אויך פאַר די חיות אין פעלד און וואַלד קומען. זי האָט אַלץ נייע שטריכן צו דער גראַנדיעזער זעאונג אירער צוגעגעבן ביז זי איז זיך אין אַ וואונדערבאַר בילד צעוואַקסן פון אַלוועלטלעכן פרידן, פון אוניווערזאַלער האַרמאָניע, פון אַבסאָלוטער קנאה־שנאה אָפּוועזנהייט אין דער וועלט.

„און עס וועלן וואוינען צוזאַמען" — זעצט פאָר די אידישע משיח־אידעע צושפּינען ווייטער איר „והיה באחרית הימים" טרוים — „דער שעפּס מיט דעם וואָלף, און דער לעמפּערט וועט מיט אַ ציגעלע ליגן. און אַ קאַלב און אַ לייב און דער אָקס (וועלן גיין) צוזאַמען און אַ קליין אינגל וועט זיי פירן. און די קו און דער בער וועלן זיך פּאַשען צוזאַמען. צוזאַמען וועלן (אויך) זייערע קינדער ליגן. און דער לייב וועט ווי דער אָקס עסן שטרוי. און אַ זויגענדיק קינד וועט זיך שפּילן איבער דער לאָך פון אַ שלאַנג און איבער דער נאָרע פון אַ בייזן שלאַנג וועט אַן אַנטוואוינט קינד זיין האַנט אויפהויבן. זיי וועלן קיין שלעכטס ניט טאָן און זיי וועלן גאָר ניט פאַרדאַרבן אין דעם גאַנצן הייליקן באַרג מיינעם. ווארום די גאַנצע ערד וועט פול ווערן מיט דעם וויסן פון גאָט, ווי די וואַסער דעקט דעם ים צו".

דער גאַנצער אוניווערזום וועט באַנייט ווערן. הימל און ערד וועלן זיך איבערבעטן. די אַלע פעלד און וואַלד חיות וועלן צווישן זיך אין אַבסאָלוטן פרידן לעבן. און עס וועט אַבסאָלוטער שלום אויך צווישן זיי און צווישן די מענטשן הערשן.

---

אָט אַזוינע גרויסע זעאונגען האָט דער משיח־געדאַנק צו יענער צייט געזען. אָט אַזוינע גרויסע אידעאַלן האָבן דאַן דאָס האַרץ פון די גולי בבל באַלעבט.

און ווי גרויס עס איז דער פאַרנעם פון די דאָזיקע אידעאַלן געוועזן, אַזוי גרויס איז אויך געוועזן דער גלויבן זייערער אין דער־

פאַרווירקלעכונג פון די דאָזיקע אידעאַלן. האָבן זיי דען שוין איצט ניט א גרויסע מדרגה פון מאָראַלער ענטוויקלונג דערגרייכט? פאַר וואָס זאָלן זיי, אלזא, ניט גלויבן, אז זיי וועלן אויך ביז צום לעצטן פונקט פון דער דאָזיקער אנטוויקלונג צוקומען? האָבן זיי דען ניט געזען, ווי דאָס גרויסע ליכט, וואָס שטראַלט פון זייערע נשמות ארויס האָט אָנגעהויבן אויך דעם לעבנס־וועג פון פילע פון זייערע שכנים צו באַלויכטן? פאַר וואָס, אלזא, זאָלן זיי ניט גלויבן, אז מיט דעם לויף פון דער צייט וועלן זיי א ליכט פאַר אַלע פעלקער ווערן, וועלן זייערע ריינע רעליגיעזע באַגריפן, זייער העכערע מאָראַלע אויפפירונג, סוף כל סוף, אויך פון די אַלע אנדערע פעלקער איבער־גענומען ווערן.

דער אינערלעכער איבערברוך, וואָס עס איז אין זייער אייגן לעבן פאָרגעקומען, האָט אין זייערע אויגן א לעצטע שורה אונטער־געפירט צו זייער לעבן ביז איצט. און אין דער דאָזיקער לעצטער שורה, וואָס האָט זייער אייגן אַלט לעבן געשלאָסן, האָבן זיי אויך געזען די לעצטע שורה פון דעם ארומיקן לעבן. עס וועט דער אי־נערלעכער איבערברוך אויך אין דער ניט־אידישער וועלט קומען. עס וועט זיך פאַר דער גאַנצער וועלט א ניי לעבן אָנהויבן, וואָס וועט נים ענלעך זיין אויף דעם אַלטן לעבן. עס איז ביז איצט די נאַכט־עפּאָכע אין דער מענטשלעכער געשיכטע געווען. פון איצט אָן אָבער הויבט זיך די טאָג־עפּאָכע אָן. די נייע הימלען און די נייע ערד, וואָס זיינען דער וועלט געגעבן געוואָרן, וועלן שוין אין איר אויף שטענדיק בלייבן.

די צוויי הויפּט־עלעמענטן, פון דער משיח־אידייע אין יענער תקופה, דער אוניווערזאַלער עלעמענט און דער נאַציאָנאַלער, האָבן זיך אין איר דאַן אין א וואונדערלעכער האַרמאָניע צענויפגעגאָסן. אין דער משיח־אידייע פון יענער צייט האָבן זיך קיינע שפּורן ניט געפונען פון אירגנד וועלכן אינהאַלט, וואָס זאָל ענטהאַלטן אין זיך א שטרעבונג צו אָפּפרעמדן און אָפּשליסן דאָס אידישע פאָלק פון די אַנדערע פעלקער, זיי זאָלן זיך ניט אלס א ברידערלעכער טייל פון דער גאַנצער פעלקער־משפּחה באַטראַכטן. און זי האָט זיך אויך ניט געשפּייזט מיט קיין אינהאַלט, וועלכער זאָל אנטהאַלטן א שטרע־בונג, דאָס אידישע פאָלק זאָל צווישן די אנדערע פעלקער אויפגע־

לייזט ווערן, אז עס זאָל זיך ביז צום פארלירן פון זיין אייגענער אינדיווידואַליטעט, פון אָנווערן זיין אייגענע פיזיאָנאָמיע מיט די אַנדערע פעלקער צענויפגיסן.

ווי שטארק עס איז אין איר אויך דאָן די „אתה־בחרתנו"־אָנשויאונג פון אידישן פאָלק צו באדייטענדן אויסדרוק ניט געקומען, האָט זיך אָבער דער דאַזיקער אויסדרוק אין א מערקווירדיקער דער־האבענער פאָרם פארקערפערט. דאָס איז ניט געווען קיין אתה בחרתנו אנשויאונג פון „אתם קרויים אדם ולא הם קרויים אדם", פון אַנדערע פעלקער אלס אַן „עם הדומה לחמור" צו באטראכטן, פון אָפזאָגן אַנדערע פעלקער אין דער פייאיקייט, עס זאָל קענען אויף זיי די געטלעכע השפעה שורה זיין. די דאַזיקע אתה בחרתנו אנשוי־אונג איז ריין געווען פון שאָוויניזם און איינגהערציקייט. דער אתה בחרתנו עלעמענט פון דער משיח־אידייע אין יענער צייט האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס זי — די משיח־אידייע האָט דאָס אידישע פאָלק אין צענטער פון דער באנייאונג פון דער וועלט גע־שטעלט, אין דעם, וואָס זי האָט דעם אידישן פאָלק צוגעשריבן די אויפגאבע דער פאַקטאָר און דער פארווירקליכער פון דער אלוועלט־לעכער דערלייזונג צו זיין, אין דעם, וואָס זי האָט דאָס אידישע פאָלק אלס דאָס משיח־פאָלק פאר די אלע אַנדערע פעלקער באַ־טראכט, וואָס איז פון גאָט באשטימט געוואָרן, עס זאָל זייער וועג־ווייזער זיין און פון אים זאָלן זיי די רעליגיעזע און סאָציאַלע אמתן זיך לערנען, אין דער מיסיאָן, וואָס זי האָט דעם אידישן פאָלק צו־געשריבן, עס זאָל דורך די לײדן זיינע ניט נאָר זיך אליין פון זיינע זינד לייטערן, נאָר זאָל אויך די גאנצע וועלט פון אירע זינד באַ־פרייען.

פאַראכטעט*) און אויסגעמידן פון מענטשן איז ער געווען און אָפּוועגנדיק דאָס געזיכט פון אים האָבן מיר אים פאַרהאסט און ער האָט פאר אונז קיין ווערט ניט געהאט, אין אמתן האָט ער אונזער קראנקהייט געטראָגן און אונזערע ווייטאָקן האָט ער געליטן. און

---

*) די פעלקער וועלן אזוי וועגן די אידן ריידן נאָכדעם ווי זיי וועלן פון גאָט אויפגעריכט ווערן.

מיר האָבן אים באַטראַכט אלס א פון גאָט געפּלאָגטן, אלס א פון גאָט געשלאָגענעם און געפּייניקטן. אין אמתן אָבער האָבן אים אונזערע זינד פארוואונדעט, אונזער פארברעכן האָט אים צעבראָכן. די שטראָף פאר אונזער פרידן איז אויף אים געווען, און דורך זיינע וואונדן זיינען מיר געהיילט געוואָרן. מיר האָבן אלע, ווי די שאָף געבלאָנדזשעט. יעדער איינער איז זיך זיין וועג געגאַנגען און גאָט האָט אויף אים אָנגעשיקט די זינד פון אונז אלע.*)

דורך די לײדן, מיט וועלכע גאָט האָט דאָס אידישע פאָלק גע־שטראָפט, האָט ער די רשעות פון דער וועלט געוואָלט צעברעכן. ער האָט דאָס אידישע פאָלק אויסגעקליבן אלס א מעדיאום, דורך וועלכן עס זאָל די וועלט געלייטערט ווערן. ניט דערפאר, וואָס די אידן זיינען ערגער פון אלע אנדערע פעלקער, ווייל זיי זיינען מער זינדיקער, ווי זיי, האָט זיי זיין שטראָף געטראָפן, נאָר דערפאר, וואָס ער האָט געוואוסט, אז אויף זיי וועט זיין שטראָף די געוואונשטע פעולה האָבן, דערפאר, וואָס ער האָט געוואוסט, אז זיי וועלן דורך איר באַקערט ווערן צו אים, און זייער באקערונג וועט מיט זיך אויך די באקערונג צו אים פון די אנדערע פעלקער מיטברייננגען. ניט זייער פארניכטונג האָט גאָט געוואָלט מיט דעם, וואָס ער האָט זיי געשטראָפט, נאָר זייער דערהויבונג, זיי זאָלן א „נר לגויים” ווערן, זיי זאָלן דער וועלט איר דערלייזונג ברייננגען.

און ווי גרויס עס איז אויך ניט געווען דער גלויבן פון דער משיח־אידייע דאָ אין דער באַקערונג פון דער גאנצער וועלט צו גאָט, האָט זי נאָך אלץ געגלויבט אויך אין דעם, אז עס וועט נויטיק זיין די אידישע אפטרופּסות איבער איר, אז די אויסגעלייזטע וועלט וועט מוזן שטיין שטענדיק אונטער דער אידישער השגחה. עס וועלן, אמת, אלע פעלקער צו דער אנערקענונג פון גאָט צוקומען. דאָס אידישע פאָלק מוז אָבער בלייבן עקזיסטירן. עס מוז אלס לעבעדיקער מוסטער דינען פאר די אנדערע פעלקער. עס וועט זיך דאָס וואָרט פון גאָט אין אלע לענדער הערן. דער צענטער וועט אָבער אין ציון זיין, פון דאָרטן וועט זיך עס איבער דער וועלט פארשפרייטן. עס

*) ישעיה, נ"ג.

וועט זיך איבעראַל די „שמש צדקה״ זען. אמשטארקסטן און העלסטן אָבער וועט זי זיך אין אידישן לעבן זען.

אָט אזא מערקווירדיק שיינע צונויפגיסונג פון סאָציאלע און נאַציאָנאלע מאָטיוון האָט מיט זיך די משיח־אידייע דאן פאָרגע־שטעלט. זיי האָבן דערגענצט און דערפילט איינע די צווייטע, דער נאַציאָנאלער עלעמענט איז אין איר אוניווערזאל געפארבט געווען, און דאָס זעלבע אויך פארקערט, דער אוניווערזאלער עלעמענט אירער האָט א נאַציאָנאלן קאָלאָריט פארמאָגט.

י״א

# כורש מלך פרס

די האָפנונגען, וואָס די אידן אין בבל האָבן געלייגט אויף נאַבאָנאַדן. — זייער אַנטוישונג. — נאַבאָנאַדס באַציאונגען צו די אידן זיינען ברוטאַלע געווען. — ווי די גולים האָבן רעאַגירט אויף זיי. — זיי האָבן גיך נקמה אין זייער פייניקער דערלעבט. — די האָפנונגען, וואָס זיי האָבן פאַרבונדן מיט דעם ערשיינען פון כורשן אויף דער פּאָליטישער אַרענאַ.

ווי מיר האָבן שוין אין א פאָריקן קאפיטל געשריבן האָט נאָבאָנאַד פאַרכאפּט דעם טראָן א פינף יאָר נאָכדעם, וואָס אויל מרודך איז דערמאָרדעט געוואָרן אין דער פאַרשווערונג, וואָס עס האָבן געמאכט קעגן אים זיינע הויף־מענטשן, צווישן וועלכע עס האָט די הויפּט ראָליע געשפּילט נעריגליסאר.

די אידישע גולים וועלכע זיינען געוואוינט געוואָרן צו א גוטער באהאנדלונג מצד די פאָרשטייער פון דער מלוכה, וועלכע האָבן געניאָסן די גאנצע צייט, וואָס זיי האָבן זיך ביז דאן אין בבל געפונען פון ספּעציעלער פריינטשאפט און אכטונג מצד דער רעגירונג, האָבן דעריבער אין אָנהויב פון נאבאָנאדס הערשאפט געגלויבט, אז אויך ער וועט די דאָזיקע טראַדיציע אָנהאלטן אין זיינע באציאונגען צו זיי. און זייער גלויבן אין דעם איז אזוי ווייט געגאנגען, אז זיי האָבן אויך געהאָפט דורכצופירן דורך אים זייער גליענדן וואונש צוריק אין זייער לאנד זיך צוריקקערן, וועלכן זיי האָבן פריער געהאָפט צו רעאליזירן דורך אויל מרודך.

א שטיק צייט באלד נאָכדעם ווי נאבאָנאַד איז ארויף אויף דעם טראָן, האָבן זיי זיך געווענדט צו אים, ער זאָל זיי באפרייען פון געפאנגענשאפט און לאָזן זיי גיין צוריק אין זייער לאנד, אירע חורבות אויפצובויען. זיי זיינען געווען זיכער, אז ער וועט פאר זיי טאָן דאס, וואָס עס וואָלט פאר זיי געווים געווען געטאָן זיין פאַרגענגער אויל מרודך, ווען דער טויט זאָל אים ניט געווען פון דער

וועלט אוועקנעמען איידער ער האָט באוויזן זייער וואונש צו רעאַ־ליזירן. ספּעציעל נאָך האָט פאַרשטאַרקט דעם דאָזיקן גלויבן זייערן דער פאַקט, וואָס אין אן אנדער פאַל, אין באַצוג צו אן אנדערער אין בבל פאַרטריבענער נאַציאָנאַליטעט, האָט ער ווירקלעך, אזוי געהאנדלט. אן אדעלמאַן מיט דעם נאָמען מערבעל, א פּיניצער פון קעניגלעכן הויף האָט געקראָגן פון נאַבאָנאַד די דערלויבנים צוריק צו קערן זיך אין זיין לאַנד און רעגירן איבער דעם. און נאָכדעם, ווי ער — דער אדעלמאַן — איז געשטאָרבן האָט נאַבאָנאַד, דער־לויבט דעם פאַרשטאָרבענעמס ברודער חירם, ער זאָל דעם פּלאַץ פון ערשטן פאַרנעמען. די גולים האָבן דעריבער געהאָפט, אז נאָ־באָנאַד וועט אויך זיי דעם זעלבן חסד טאָן.

זיי זיינען אָבער ביטער אנטוישט געוואָרן פון זייער האָפנונג. ניט נאָר האָט ער זיך אָפּגעזאָגט זייער וואונש צו דערפילן, נאָר ער האָט זיך בכלל שלעכט און ברוטאַל ארויסגעוויזן אין זיינע באַצי־אונגען צו זיי.

די גולים וועלכע האָבן זיך אויסערלעך ווי אינערלעך ווי שטאָלצע מענטשן געפילט און געפירט אין בבל, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט באַטראַכט די געפאַנגשאַפט זייערע, ווי נאָר א צייטווייליקן אויסער־לעכן אקט, נאָך וועלכן עס וועט ערשט די אמתע שוין אויף שטענדיק אָנהאַלטענדע באַפרייאונג זייערע קומען, האָבן ניט געקענט ווי מענ־טשן מיט א פאַרשקלאָפטער פּסיכאָלאָגיע, מיט א ביטול באַציאונג צו זיך אליין זיך באַציען, גלייכגילטיק די שלעכטע באַהאַנדלונגען אראָפּ־שלינגען. זיי האָבן זיך טיף באַליידיקט געפילט און זייער האַרץ איז פול מיט האַס און שנאה געוואָרן צו זייערע באַדריקער. די אלטע וואונדן האָבן זיך געעפענט. זיי האָבן ווידער אמאָל איבערגעלעבט דעם גאַנצן צער פון חורבן, וועלכער איז פריער געווען אביסל פאַר־געסן פון זיי, צוליב דער פּריווילעגירטער לאַגע, אין וועלכער זיי האָבן זיך אין זייער גלות־לאַנד געפונען.

עס האָט אין זייער האַרץ א פאַרביטערט געפיל געלעבט קעגן דעם קעניג נאַבאָנאַד, און שטאָלצע און אינערלעך פרייע מענטשן ווי זיי זיינען געווען, האָבן זיי פון די דאָזיקע האַס־און־שנאה געפילן זייערע קיין סוד ניט געמאַכט. זיי האָבן זיך ניט קאָנטראָלירט צו דערשטיקן זיי אין זיך. זיי האָבן זיי אין זייער ריידן א פרייען אויסדרוק געגעבן.

די גייסטיקע פאַרשטייער פון די גולים האָבן איצט מיט נאָך מער קראַפט און אינטענסיוויטעט בעוועקט דעם גלויבן ביי זייערע ברידער אין זייער דערלייזונג; נאָך מער, ווי פריער, זיינען זיי איצט ארום זיי מיט צאַרטער ליבע ארומגעגאנגען צו שטאַרקן און טרייסטן זיי, זיי זאָלן ניט זייער מוט אונטער דעם שווערן דרוק פון דעם שונא פארלירן.

און גלייכצייטיק מיט דער ברכה וואָס איז פון זייער מויל פאר זייער פאָלק געקומען, האָט הויך און הילכיק זייער קללה אויך קעגן דעם שונא געדונערט. מיט שפאָט און געלעכטער האָבן זיי גערעדט וועגן די פילע געטער, וואָס האָבן בבל פארפלייצט. זיי זיינען אי־בערצייגט געווען, אז עס וועט נאָר גיך קומען די מפלה פון דער זינדיקער בבל און זיי האָבן זיך די מי גענומען צו דער דאָזיקער איבערצייגונג אויך די אלע גולים ברייינגען.

אמת, זיי האָבן געהאט פיל אויסצושטיין פאר דער דאָזיקער טעטיקייט זייערער. נאָבאָנאָד האָט זיי מיט שווערער שטראָף באַ־שטראָפט. פילע פון זיי האָט ער אין תפיסה פארשפארט, און אויף פילע פון זיי האָט ער שווערע ארבעט אָרויפגעצוואונגען. עס זיינען אפילו די גאָר אלטע לייט, וואָס האָבן זיך צווישן זיי געפונען, ניט נעשוינט געוואָרן פון אים. אויך זיי האָבן גייסטיקע און פיזישע באַליידיקונגען געהאט אויסצושטיין פון אים.

מיט דער געדולד אָבער און מיט דער אָפּפערווייליקייט פון הייליקע מארטירער האָבן זיי די אלע באַליידיקונגען און פארפאָל־גונגען אריבערגעטראָגן, געפינענדיק טרייסט אין זייער שטארקן גלויבן, אז די אומפארמיידלעכע גאולה זייערע שטייט שוין ניט ווייט פון זיי, אז זיי וועלן נאָך דערלעבן דעם טאָג, ווען זייערע שונאים וועט כפל כפלים אָפּגעצאָלט ווערן פאר דער רשעות, וואָס זיי זיינען קענן זיי באַגאַנגען.

און ווירקלעך גאָר גיך איז דער מאָמענט געקומען, וועלכער האָט אין זיך פאר זיי שוין אויך די מעגלעכקייט געטראָגן, זיי זאָלן קענען זען באַלד די רעאליזירונג פון זייער נקמה־דערלעבן וואונש. עס איז גאָר גיך דער מאָמענט געקומען, אין וועלכן זיי האָבן דערמוטיקונג געפונען צו גלויבן, אז עס וועט באַלד די געגארטע גאולה זייערע א רעאליטעט ווערן.

א פּאָר יאָר איידער נאַבאָנאַד האָט פאַרכאַפּט דעם באַבילאָנישן טראָן האָט זיך דער פּערסישער מיליטערישער העלד כורש אויף דער סצענע באַוויזן. ער האָט מיט זיינע העלדישע מיליטערישע טריאומף־ציגע גאַנץ קליין אזיען געשפּאַנט געהאַלטן. דער ערשטער גרויסער זיג זיינער איז געווען, וואָס ער האָט אראָפּגעזעצט פון טראָן דעם קעניג פון מדי. ער האָט ביי אים זיין קעניגרייך צוגענומען און אונטערגעוואָרפן אונטער זיין מאַכט אויך די אַלע פּראָווינצן, וואָס האָבן צום מלך מדי באַלאַנגט. נאָכדעם האָט ער זיינע פיילן געצילט, ער זאָל אויך די אַנדערע נאָענטע און וויטערע מלוכות אונטער זיין הערשאַפט ברייינגען.

די פּאָרשטייער פון די גולים, די תלמידים פון יחזקאל און ברוך בן נריה, וועלכע האָבן זייער פּאָליטישע דערציאונג געקראָגן אין דער שולע פון זייערע גרויסע לערער, האָבן געוואוסט אָפּצושאצן ריכטיק די באדייטונג פון די גרויסע היסטאָרישע געשעענישן וואָס זיינען פאר זייערע אויגן פאָרגעקומען. ווי זייערע גרויסע לערער, האָבן זיי אויך א טיפע פּאָליטישע אָריענטאַציע פאַרמאָגט. ווי יענע האָבן אויך זיי געקענט תופס זיין דעם וועזנטלעכן אינהאַלט פון די קאָמפּליצירטע פּאָליטישע דערשיינונגען, וואָס זיי האָבן געזען פאר זיך און האָבן געקענט ארויסלייענען פון די פּאסירונגען פון קעגנ־ווערטיקן מאָמענט די פּאָלגן און קאָנסעקווענצן, וועלכע עס קענען פון זיי ארויסקומען אין די קומענדע מאָמענטן.

זיי האָבן דעריבער מיט דער טיפסטער אויפמערקזאמקייט נאָכ־געפּאָלגט די קאַריערע פון כורש מלך פרס, וועלכער איז איינציקע יאָר נאָכדעם, וואָס ער האָט מדי מיט פּערסיען פאַראייניקט, די שרעק פון אזיען געוואָרן. זיי האָבן דעם אומפאַרמיידלעכן קאָנפליקט צווישן אים און צווישן נאַבאָנאַד געזען, און אויך פּאָראויס געזען די קאָנ־סעקווענצן פון דעם דאָזיקן קאָנפליקט. כורשעס העלדנטאַטן האָבן פאר זיי די ליכטיקסטע פּראָספּעקטיוון געעפנט און זיי האָבן מיט זיי דעם שיקזאל פון זייערע האָפנונגען און טרוימען פאַראייניקט. זיי האָבן געגלויבט, אז כורש מלך פרס איז דעם „מטה זעם" אין די הענט פון גאָט, צו שלאָגן מיט אים די „בת בבל השדודה". זיי זיינען זיכער געווען, אז עס איז איצט געקומען דער מאָמענט, ווען עס וועט מקויים ווערן די נבואה פון ירמיה וועגן בבל, אז „גאָט וועט

זיך נעמען צו דיר, דו הר המשחית, וואָס פאַרדאַרבסט די גאַנצע וועלט און איך וועל אויסשטרעקן מיין האַנט אויף דיר און איך וועל דיר אַראָפּקייקלען פון די שטיינער און איך וועל דיך אין אַ ברע־נענדיקן באַרג פאַרוואַנדלען."*) און זיי זיינען אויך זיכער געווען אין דעם, אַז פּונקט ווי ער איז דער שליח פון גאָט געווען דערויף, זיי זאָלן דורך אים זייער וואונש נקמה צו זען אין זייערע שונאים רעאַליזירן, אַזוי איז ער אויך דער שליח זיינער דערויף, עס זאָל דורך אים זייער גאולה קומען.

און וואָס מער זיי האָבן זיך אין דעם אינהאַלט פון די גע־שעהענישן פאַרטיפט, אַלץ מער אין זייער עקסטאַז געוואַקסן, אַלץ מער גראַנדיעזיטעט האָבן זיי אין זיי געזען.

זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט דעם כאַראַקטער און די לעבנס־פירונגען פון פאָלק, וואָס האָט פון זיך דעם גרויסן העלד כורש ארויסגעבראַכט, און די ידיעות, וועלכע זיינען צו זיי דערגאַנגען וועגן דעם אַלעם, האָבן, נאָכדעם, וואָס זיי זיינען דורכ־געוועבט געוואָרן מיט די פילע פאַרבנרייכע פּאָעטישע און פאַנטאַס־טישע עלעמענטן וואָס זייער עקסטאַז און באַגייסטערונג, האָבן אין זיי אריינטראָגן — זייער פאַנטאַזיע געפליגלט, צו זען אין די גע־שעהענישן, וואָס האָבן זיך פאַר זייערע אויגן פאַרנאַנדערגעוויקלט, ניט נאָר דעם מאָמענט, וואָס וועט פאַר זיי ברייגנען די פאַרווירק־לעכונג פון זייער האָפנונג, די מפּלה פון בבל צו זען, ניט נאָר דעם מאָמענט, וואָס וועט אָנהויבן זייערע גאולה חלומות צו רעאַ־ליזירן, נאָר אויך די פאָרבערייטונגען צו דעם מאָמענט, וואָס וועט מיט זיך ברייגנען די באַנייאונג פון דער גאַנצער וועלט, אויף וועל־כער זיי האָבן געוואַרט, דעם אָנהויב פון דער נייער געגאַרטער ערא אין דער מענטשלעכער געשיכטע, ווען „די אַלע אָפּגעטער וועלן פון דער וועלט פאַרשניטן ווערן, און זיי, די פעלקער, וועלן אַלע נאָר אין דעם נאָמען פון גאָט רופן".

אין פאַרגלייך מיט די אַלע אַנדערע געצנדינערישע פעלקער זיינען די רעליגיעזע באַגריפן פון די פּערסיער אמת ריין געווען פון ווילדע און פּרימיטיווע עלעמענטן. זייער באַגריף וועגן גאָט איז

*) ירמיה, נ"א.

הימל הויך געשטאַנען אין פאַרגלייך מיט דעם באַגריף וועגן גאָט, וואָס האָט ביי אַנדערע פעלקער עקזיסטירט.

די פּערסיער האָבן ניט — אין דער צייט, וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ — אין פיל געטערייַ געגלויבט. זיי האָבן נאָר אין צוויי געטער געגלויבט: אין גאָט אַחרימאַן, דער גאָט פון דעם אַלעם בייזן און פינצטערן אין לעבן, און אין גאָט אָרמוזד, דער גאָט פון אַלעם גוטן און ליכטיקן אין לעבן. זיי האָבן אויך ניט קיין געטער בילדער און געצן געהאַט. און די מער אינטעליגענטערע צווישן זיי, די יחידי סגולה, האָבן אויך פון דעם גלויבן אין אחדות הבורא געוואוסט. ביי זיי זיינען די דאָזיקע צוויי אויבנדערמאָנטע געטער ניט קיין זעלבסטשטענדיקע געטער געווען, נאָר פון דעם איין און איינציקן אמתן גאָט באַשאַפענע. לויט זייער רעליגיעזער אַנשויאונג זיינען די דאָזיקע צוויי געטער נאָר אונטערגעאָרדענטע געטער געווען צום העכסטן געטלעכן וועזן, צום „אייביק לעבענדן", צום „אוראַלטן". זיי זיינען די פּאַרקערפּערונג געווען פון דער שפע, וואָס איז פון גאָט נאָצל געוואָרן. ער איז די אורזאַכע פון זייער עקזיסטענץ געווען. זיי האָבן פון אים אַרויסגעשטאַמט אַלס אין צוויי באַזונדערע ריכטונגען ווירקנדע כחות אין אוניווערזום.

און זיי — אַט יענע יחידי סגולה — האָבן אויך געגלויבט, אַז נאָר אויף אַ צייט האָט גאָט איבערגעגעבן די פירונג פון דער וועלט צו די דאָזיקע צוויי געטער. נאָכדעם, ווי עס וועלן צוועלף טויזנט יאָר פאַרביי וועט דער „חי עולמים" ווידער אַמאָל איבערנעמען די פירערשאַפט פון דער וועלט. ער וועט דאַן די „ממשלת הזדון והרשע" פון עקזיסטענץ אָפּווישן, אַחרימאַן מיט די אַלע חיילות, וואָס העלפן אים אַרוים אין זיין אַרבעט דעם בייזן עלעמענט אין לעבן צו פאַרשפּרייטן, וועט ער נאָכדעם, וואָס ער וועט זיי מיט די שרעקלעכסטע ענויים פּאַרמאַטערן, אין תהום פאַרזינקען און די גאַנצע יצירה וועט דאַן אויף די יסודות פון דעם אַבסאָלוטן טוב און אַבסאָלוטן צדק אוועקגעשטעלט ווערן.

האָבן די אַלע ידיעות, וואָס האָבן דערגרייכט צו זיי וועגן די פּערסיער צוזאַמען מיט דעם פאַקט, וואָס כורש פלעגט מיט דער גרעסטער קנאות און שטרייגקייט די אַלע אָבגעטער אויסראַמען פון

יעדן לאַנד, וואָס ער האָט אונטער זיין הערשאַפט אונטערגעוואָרפן, די פאַנטאַזיע פון די גולי בבל געררייצט צו זען אין כורשן דעם שליח פון גאָט, ער זאָל איבער דער גאַנצער וועלט דאָס ריינע גלויבן אין אים פאַרשפּרייטן. דאָס אַלעס האָט זיך אין זייערע אויגן אין גרויסע זעאונגען צעוואַקסן. אין זייער פאַנטאַסטישער פאָרשטעלונג האָבן זיי די פּערסיער אַלס דאָס ערשטע היידנישע צו גאָט באַקערטן פאָלק אָנגעהויבן צו באַטראַכטן, דורך וועלכן עס וועלן באַלד אויך די אַלע איבעריקע פעלקער צו גאָט באַקערט ווערן.

---

און עס האָט קיין פיל צייט גענומען און דער אומפאַרמיידלעכער קאָנפליקט צווישן בבל און כורש מלך פּרס איז ווירקלעך פאָרגעקומען. נאָכאַנאַנד האָט זיך אָנגעהויבן צו שרעקן פאַר דער געפאַר, וואָס האָט אים געדראָט. ער האָט מיט אייניקע פון זיינע שכנים, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך מצרים געפונען, אַליאַנצן געשלאָסן, זיי זאָלן העלפן איינער דעם צווייטן. דאָס אָבער האָט נאָר דאָס אָנקומען פון מפּלה־מאָמענט פון בבל פאַרשנעלערט. דער דאַזיקער פאַקט האָט באַוועגט כורשן ער זאָל וואָס גיכער אַ סוף צו דער זעלבסטשטענדיקייט פון בבל מאַכן. ער האָט זיך צו אַ פאַרניכטענדער מלחמה מיט בבל אָנגעהויבן צוגרייטן.

און די גולי בבל האָבן איצט דערוואָרבן די מעגלעכקייט זייער גלויבן אין דעם אָנקומען פון טאָג, ווען זיי וועלן זייער נקמה אין בבל דערלעבן, אין דעם אָנקומען פון דעם טאָג, וואָס וועט זיי זייער דערלייזונג ברייגגען, אין דער באַגלייטונג פון אייגענע קאָנקרעטע האַנדלונגען שטעלן, וועלכע זאָלן מיטהעלפן די דערוואַרטעטע פון זיי געשעהענישן צו ברייגגען.

אויף וויפיל עס איז געווען אין זייער מעגלעכקייט האָבן די פון די גולים, וואָס האָבן זיך אין קעניגלעכן הויף געפונען, ווי אויך די פון די באַקערטע ניט אידישע עלעמענטן זייער הילף געגעבן צו כורשן, ער זאָל וואָס שנעלער און וואָס מער דערפאָלגרייכער זיין זיג איבער בבל אָפּהאַלטן.

מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט האָבן די גולים פאַרפאָלגט די מלחמה צווישן בבל און כורש פון וועלכער עס זיינען אַלע זייערע האָפנונגען אָפּגעהאַנגען, פון וועלכער זיי האָבן אַלעס אי געוואונען אי פאַרלירן געקענט.

מיט דער געשפאנסטער אויפמערקזאמקייט האָבן זיי דעם ענט־שיידענעם מאָמענט דערוואַרטעט.

און ענדלעך איז דער דאָזיקער ענטשיידענדער מאָמענט געקומען און האָט מיט זיך געבראַכט די פאַרווירקלעכונג פון אַלע זייערע האָפ־נונגען און באַגערן. עס זיינען מקוים געוואָרן די אַלע נבואות, וואָס די אידישע נביאים האָבן אויף בבל נביאות געזאָגט. א צע־טראָטענע און ערנידעריקטע האָבן זי דערזען די גולי בבל ליגן פאַר די פיס פון כורש: אין א קורצער צייט האָט כורש איינגענו־מען אייניקע פראָווינצן פון בבל. נאָכדעם האָט ער גאָר גיך אויך איהר הויפט שטאָט איינגענומען עס זיינען אירע טויערן פריי און ברייט פאַר דעם שונא געעפנט געוואָרן. און צוזאַמען דערמיט זיינען אויך פריי און ברייט די טויערן געעפנט געוואָרן פאַר דער פאַר־ווירקלעכונג פון זייערע — פון די אידן — גאולה שטרעבונגען.*)

---

*) אלס דערגענצונג צו דעם, וואָס עס ווערט דערציילט אין דניאל וועגן דעם זיג פון כורש איבער בבל אין קאַפיטל ה׳, דעם אינהאַלט פון וועלכן מיר האָבן אין פאָריגן קאַפיטל איבערגעגעבן, ווערן נאָך די פאָלגנדע פרטים אָנגעגעבן: כורש האָט איינגעזען, אז נעמען די הויפט שטאָט מיט שטורם וועט זיין אַ שווערע אויפ־גאַבע. אין בעסטן פאַל וועט דאָס צופיל צייט באַדארפן געדויערן. ווארום די שטאָט איז געווען ארומגערינגלט מיט צוויי רייען שטארקע און הויכע פעסטונגען, אונטער וועלכע עס האָבן אריינגעשטראָמט אין שטאָט די וואַסערן פון טייך פרת, וועלכער האָט צעטיילט די הויפט שטאָט אויף צוויי טיילן. ער האָט דעריבער געהייסן גראָבן א קאַנאַל הינטערן שטאָט און פאַראייניקן אים מיטן טייך פרת. דאָס וואַסער פון טייך איז אָפּגעצויגן געוואָרן אין קאַנאַל אריין און פון דאָרטן האָט דאָס אריינגעשטראָמט אין א זייער טיפער אָזערע, אזוי, אז אין טייך איז זייער ווייניק וואַסער געבליבן, אז מען האָט אים געקענט צופוס דורכגיין. און איינמאָל ביינאַכט, אין אָט יענער נאַכט, וועגן וועלכער עס ווערט דערציילט אין דניאל ה׳ — ווען נאַבאַנאַד — אין דניאל ווערט ער פאַרביטן אויף בלשצר, וועלכער איז זיין זון געווען און ער האָט אָנגעפירט מיט דער בבלשער ארמיי געגן כורשן — האָט געפראַוועט א גרויסן יום טוב ביי זיך אין פּאַלאַץ, ווי עס ווערט אין אויבנדערמאָנטן קאַפיטל דערציילט, ווען ער און די אַלע פאַרזאַמלטע זיינען פאַר־זונקען געווען אין שכרות און אין זיכערקייט, אז די שטארק באַפעסטיקטע שטאָט איז אויסער יעדער געפאַר, זי זאָל אין די הענט פון שונא אריינפאַלן — האָבן כורשס זעלנער אריינגעריסן זיך אין שטאָט אריין איבער דעם אויסגעטריקנטן באָדן פון טייך און ארויפגעוואָרפן זיך אויף דער צעטומלטער באַפעלקערונג און שרעקלעכע שחיטות און הריגות אויף איר געמאַכט.

י״ב

# ישעיה דער צווייטער

די פאַרקערפערונג פון די שטימונגען און שטרעבונגען פון די גולים אין די נחמות נביאות פון ישעיה דעם צווייטן. — די שאַלנדע גאולה פרייד, מיט וועלכער זיי זיינען דורכגעדרונגען. — די נביאות זיינע וועגן כורשן, אין וועלכע ער — כורש — ווערט פראָקלאַמירט אלס דער, וועמען גאָט האָט באַשטימט, ער זאָל זיין — גאָטס ווילן דורכפירן אויפריכטונג פאר דעם אידישן פאָלק צו ברענגען. — די שאַרפע סאַטירן אויף דעם עבודה זרה קולט, וואָס געפינען זיך אין די נביאות פון צווייטן ישעיה. — די אָפּשפּיגלונג פון דער גרויסער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין די אָנשויאונגען פון אידישן פאָלק בנוגע דעם אינהאַלט, פון וועלכן עס באַדאַרף די עבודת השם באַשטיין.

די שטימונגען און שטרעמונגען, וואָס האָבן געהערשט צווישן די גולים אין דעם פעריאָד יאָרן, וועגן וועלכן איך האָב אין די פריערדיקע קאַפּיטלען גערעדט, האָבן זייער שאַרפסטן און איינ־דרוקפאָלסטן אויסדרוק געפינען אין די טרייסט־נבואות פון ספר ישעיהו, וועלכע הויבן זיך אָן פון קאַפּיטל מ׳ און ציען זיך ביז צום סוף פון ספר און דער אומבאַוואוסטער מחבר פון וועלכע ווערט מיט דעם נאָמען „ישעיה דער צווייטער״ באַצייכנט, צוליב זיין ענלעכקייט אין סטיל, שפּראַך און טאָן מיט דעם גאָר פריערן נביא — ישעיה בן אמוץ, און מחמת אָט דעם זעלבן טעם טאָקע האָט מען זיינע נבואות אלס המשך צו די נבואות פון ישעיה בן אמוץ געגעבן. ווי אין א קלאָרן און ריינעם שפּיגל ווערן דאָרטן אָפּגעשפּיגלט די האָפנונגען, וואָס האָבן די הערצער פון די גולי בבל אין יענעם מאָמענט באַלעבט, און די גאַנצע אַטמאָספערע, וואָס האָט די וועלט פון זייער שווערמען און שטרעבן אָנגעפילט.

הויך און מעכטיק קלינגט אין יענע נבואות די גאולה־בשורה. מיט א שאַלענדער פריידיקייט זיינען זיי אַלע אָנגעזאָפּט. די גאולה־אַקאָרדן צוגיסן זיך אין זיי אין ווייטע און אומבאַגרענעצטע ברייט־קייטן און עס הערט זיך אין זיי דער טאָן פון דערלייזענדן עקסטאַז.

דער נביאווענדט זיך אָפטמאָל אין די נבואות זיינע צו די הימלען און צו דער ערד, זיי זאָלן דעם גרויסן גאולה־מאָמענט פון אידישן פאָלק באַזינגען. און פילע פון די נבואות זיינע מאַכן ווירק־לעך דעם איינדרוק גלייך ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך צוזינגען. אזוי פיל העלע פרייד שטראַלט פון זיי ארויס, אזוי פיל זינגנדע באגייסטערונג הערט זיך אין זיי. די שטימונגען פון יענעם דור האָבן ווירקלעך אין זיי זייער העכסטע פארקערפּערונג ערוואָרבן.

מער ווי אלע אנדערע נבואות צייכענען זיך די דאָזיקע נחמות־נבואות אויס מיט שוואונג גרויסן און פארנעם ברייטן. מער ווי אלע אנדערע נבואות צייכענען זיך די דאָזיקע נבואות אויס מיט דער פּאָעטישער געפליגלטקייט פון זייער שפּראַך און מיט דער פּאָע־טישער עלעגאַנץ פון זייער סטיל. עס שוועבט אויף זיי דער גייסט פון יום־טוב־שטימונגען, דער גייסט פון א גרויסער און אומערשעפּ־לעכער נשמה־פרייד.

„טרייסט, טרייסט, מיין פאָלק — מיט דעם דאָזיקן פריידיקן און אין הויכע הימלען שטייגענדן אקאָרד הויבט זיך אָן די ערשטע פון די אויבנדערמאָנטע נחמות־נבואות — זאָגט גאָט.

„טרייסט דאָס האַרץ פון ירושלים און זאָגט צו איר, אז עס האָט זיך שוין געענדיקט די צייט פון איר שטראָף, אז עס איז שוין פארגעבן געוואָרן איר זינד. ווארום זי האָט (שוין) באקומען צוויי מאָל אזוי פיל (שטראָף) פאר אלע אירע זינד.״*)

און מיט אלץ מער און מער שטארקייט שטייגן די פריידיקע אקאָרדן אין דער דאָזיקער נבואה.

דער נביא הערט, ווי „א קול רופט אויס אין דער מדבר**): מאכט

---

*) נחמו, נחמו עמי — יאמר אלהיכם. דברו על לב ירושלים וקראו אליה. כי מלאה צבאה, כי נרצה עונה, כי לקחה מיד ה׳ כפלים בכל חטאתיה. קול קורא במדבר: פנו דרך ה׳. ישרו בערבה מסלה לאלהינו. כל גיא ינשא וכל הר וגבעה ישפלו. והיה העקוב למישור והרכסים לבקעה. ונגלה כבוד ה׳ וראו כל בשר יחדו, כי פי ה׳ דבר. (ישעיה מ׳).

**) דער „מדבר״ קען אויך אויסגעטייטשט ווערן אויף א וועג, אז עס זאָל אויסקומען, אז ער איז פארבונדן מיט די ווייטערדיקע ווערטער: ניט מיט דעם קול קורא, נאָר מיט דעם „פנו דרך״. די איבערזעצונג וועט זיך דאן לייענען אויף פאָלגענדן אופן: א קול הערט זיך אויסרופן: מאכט גרייט דעם וועג פאַר גאָט אין דער מדבר. און אָט אזוי טייטשן דעם פסוק די מערסטע אלטע מפרשים.

גרייט דעם וועג פאר גאט. גלייכט אויס דעם וועג אין דער וויסטע פאר אונזער גאט. יעדער טאל וועט דערהויבן ווערן און יעדער בארג וועט נידעריק ווערן . . . און עס וועט דער כבוד פון גאט אנטפלעקט ווערן און אלע מענטשן וועלן זען, אז (עס איז מקויים געווארן אלעס, וואס) דאס מויל פון גאט האט גערעדט.

ווארום קיין זאך לעבט ניט אזא פולן לעבן אין הארצן פון נביא, ווי די איבערצייגונג, אז גאטסווארט גייט ניט פארלארן. איך האב געהערט — דערציילט ווייטער דער נביא — ווי „א קול האט געזאגט: רוף אויס. האב איך געזאגט: וואס זאל איך אויסרופן? (האט צו מיר דאס קול געזאגט: רוף אויס אז יעדער מענטש איז ווי גראז און דער גאנצער חסד זיינער איז ווי די שפראצונג פון פעלד. עס ווערט פארטרוקנט דאס גראז, עס ווערט פארוועלקט די שפראצונג, ווען דער אטעם פון גאט גיט א בלאז אויף זיי. דאס ווארט (אבער) פון אונזער גאט בלייבט אויף אייביק.*)

„ווארום ווי עס פאלט דער רעגן און דער שניי פון הימל און זיי קערן זיך שוין אהין צוריק ניט אום, נאר זיי טרינקען אן די ערד און זי ברענגט ארויס שפראצונגען: זאמען פאר דעם זייער און ברויט צום עסן, אזוי איז אויך דאס ווארט מיינס, וואס גייט ארויס פון מיין מויל. עס וועט זיך ניט אומקערן צו מיר ליידיק. נאר עס וועט דורכפירן, וואס איך האב געוואלט און עס וועט דער־פאלגרייך זיין אין דעם, אויף וואס איך האב עס געשיקט. ווארום מיט פרייד וועט איר ארויסגיין און אין פרידן וועט איר געפירט ווערן. די בערג וועלן עפענען פאר אייך א געזאנג און די אלע ביימער פון פעלד וועלן אפלאדירן".**)

---

*) קול אמר: קרא, ואמר: מה אקרא: כל הבשר חציר וכל חסדו כציץ השדה. יבש הציר, נבל ציץ, כי רוח ה׳ נשבה בו. אכן הציר העם. יבש הציר, נבל ציץ, ודבר ה׳ אלהינו יקום לעולם. (ישעיה מ׳).

**) כי כאשר ירד הגשם והשלג מן השמים ושמה לא ישוב, כי אם הרוה את הארץ והולידה והצמיחה ונתן זרע לזורע ולחם לאכל — כן יהיה דברי אשר יצא מפי: לא ישוב אלי ריקם, כי אם עשה את אשר חפצתי והצליח אשר שלחתיו. כי בשמחה תצאו ובשלום תובלין. ההרים והגבעות יפצחו לפניכו רנה וכל עצי השרה ימהאו כף. (ישעיה נ״ה).

און אַלץ ברייטער און ברייטער צוגיסט זיך די פרייד די גרויסע. זי וואנדערט איבער דער גאנצער וועלט ארום און פארכאפט אלעס אין דעם מעכטיקן שטראָם אירן. אין די טאָלן און אויף די הויכע בערג פארקלייבט זי זיך און שיקט פון דאָרטן איר וואָרט אראָפּ.

„אויף א הויכן בארג גיי דיר ארויף דו אַנזאָגערין פון ציון, הויב אויף מיט קראפט דיין קול, דו אַנזאָגערין פון ירושלים. הויב אויף (דיין קול). דו זאָלסט קיין מורא ניט האָבן. זאָג צו די שטעט פון יהודה: „אָט איז אייער גאָט. אָט קומט אָן גאָט מיט שטארקייט. און זיין ארים וועט אים ביישטיין. און אָט גייט אויך זיין באלוינונג מיט אים" (פאר זיין פאָלק).*)

און אין אַנדערע נבואות דריקט דער גרויסער נביא אויס די גרויסע פרייד, וואָס נעמט אים דורך, ווען ער דענקט וועגן דער דער־הויבונג פון ירושלים, וואָס דאַרף באַלד קומען פאר איר אין די פאַלגנדע פּאָעטישע בילדער.

„שטיי אויף (ירושלים). לייכט, ווארום עס איז דיין ליכט גע־קומען, און דער כבוד פון גאָט האָט אָנגעהויבן צו שיינען איבער דיר. און די פעלקער וועלן גיין צו דיין ליכט. און די מלכים — ביי דער ליכטיקייט פון דיין שיינען. הויב אויף דיינע אויגן און זע. זיי האָבן זיך אלע צענויפגעזאמלט און געקומען צו דיר. דיינע זין וועלן פון וויטן קומען, און דיינע טעכטער וועלן ביי די הענט גע־פירט ווערן. דו וועסט זען דאָס אלעס און דו וועסט דאַן לויכטן און עס וועט (פאר פרייד) ברייטער ווערן און שרעקן זיך דיין הארץ. ווארום עס וועט קומען צו דיר דאָס רוישן פון די ימים. די רייכ־טימער פון די פעלקער וועלן קומען צו דיר. מחנות פון קעמלען וועלן דיין ערד באדעקן — די יונגע קעמלען פון מדין און עיפה. זיי וועלן אלע פון שבא קומען. גאָלד און ווייררויך וועלן זיי ברייננען און די לויב פון גאָט וועלן זיי דערציילן" . . .

„ווער זיינען עס די, וואָס פליען, ווי א וואָלקן און ווי די טויבן

---

*) על הר גבה עלי לך, מבשרת ציון. הריםי בכח קולך, מבשרת ירושלים. הרימי אל תיראי. אמרי לערי יהודה: הנה אלהיכם. הנה אדוני ה׳ בחזק יבוא וזרועו משלי לו. הנה שכרו עתו ופעולתו לפניו. כרעה עדרו ירעה. בזרעו יקבץ טלאים ובחיקו ישא. עלות ינהל (ישעיה מ׳).

צו זייערע טויבן שלאַגן? ווארום צו מיר וועלן (די איינוואוינער) פון די אינזלען זיך איינזאַמלען און פאַראויס (וועלן) קומען די שיפן פון תרשיש, צו ברייגנען דיינע קינדער פון וויטן — זייער זילבער און זייער גאָלד וועט קומען מיט זיי צום נאָמען פון גאָט דיין גאָט און צום קדוש ישראל, וועלכער האָט דיך גלאָריפיצירט. און די קינ־דער פון די פרעמדע וועלן בויען דיינע מויערן און זייערע מלכים וועלן דיך באַדינען. ווארום אין מיין צאָרן האָב איך דיך געשלאָגן און אין מיין ווילן וועל איך זיך אויף דיר דערבאַרימען. און עס וועלן אָפן זיין דיינע טויערן שטענדיק ביי טאָג און ביי נאַכט. זיי וועלן זיך ניט צומאַכן, צו ברייגנען צו דיר די רייכטימער פון די פעלקער. און זייערע מלכים וועלן געפירט ווערן צו דיר. ווארום דאָס פאָלק און די ממלכה, וואָס וועלן דיר ניט דינען, וועלן פאַרלאָרן גיין, און די פעלקער וועלן חרוב ווערן... און עס וועלן גיין צו דיר איינגע־בויגן די קינדער פון דיינע פייניקער און זיי וועלן זיך בוקן צו דיר ביז צו די טריט פון דיינע פיס: די אלע, וואָס האָבן דיך געלעסטערט און זיי וועלן דיך רופן ציון, שטאָט פון גאָט, די שטאָט פון קדוש ישראל. דערפאַר, וואָס דו ביזט געווען פאַרלאָזט און געהאַסט און עס איז דורך דיר קיינער ניט דורכגעגאַנגען, וועל איך דיר אייביקן שטאָלץ געבן, דו זאָלסט די פרייד פון דורות און דורות זיין. און דו וועסט זויגן די מילך פון די פעלקער און פון די רייכקייטן פון די מלכים וועסטו זויגן... אנשטאָט קופּער וועל איך ברייגנען צו דיר גאָלד. און אנשטאָט אייזן וועל איך ברייגנען זילבער. אנשטאָט האָלץ — קופּער, און אנשטאָט שטיינער אייזן. און איך וועל דעם פרידן איבער דיר פאַר א משגיח באַשטימען און צדקה וועט איבער דיר דער מושל זיין. עס וועט ניט געהערט ווערן מער אין דיר וועגן קיינע גוואלדטאַטן. רויב און בראָך וועלן ניט געהערט ווערן אין דיינע גרענעצן. און דו וועסט רופן דיינע מויערן — ישועה און דיינע טויערן תהלה. עס וועט די זון ניט זיין מער פאַר דיר די טאָג־ליכט און דאָס שיינען פון דער לבנה וועט דיר (מער ניט לייכטן. גאָט וועט זיין פאַר דיר אן אייביקע ליכט. דיין גאָט וועט זיין דיין שיינקייט. עס וועט ניט אונטערגיין מער דיין זון און דיין לבנה וועט ניט פינצטער ווערן. ווארום גאָט וועט זיין צו דיר אן אייביקע ליכט, און עס וועלן זיך ענדיקן די טעג פון דיין טרויערן. און דיין

פאָלק זיי אַלע וועלן זיין צדיקים. אויף אייביק וועלן זיי ירשנען די ערד. זיי זיינען א צווייג פון גאָטס פלאַנצונג. די ווערק פון מיינע הענט, מיין כבוד צו גרויסן. דער קלענסטער פון זיי וועט טויזנט־פאַך פאַרמערט ווערן, און פון דעם יונגסטן וועט א שטארק פאָלק ווערן. איך גאָט ווען די צייט וועט דערויף קומען וועל איך עס צואיילן.*)

„אויף א קליינע ווײלע האָב איך דיר פאַרלאָזט. מיט גרויס רחמים וועל איך דיך צענויפזאמלען. אין אָנפאַל פון צאָרן האָב איך פאַרבאָרגן מיין געזיכט פון דיר און מיט אייביקן גענאָד וועל איך זיך דערבאַרמען אויף דיר — האָט געזאָגט דיין דערלייזער גאָט. ווארום ווי די נח־וואַסערן איז אָט דאָס פאר מיר. ווי איך האָב געשווארן, איך זאָל מער ניט ברייננגען קיין מבול אויף דער ערד,

*) קומי אורי, כי בא אורך וכבוד ה׳ עליך זרח. כי הנה החושך יכסה ארץ וערפל לאומים — ועליך יזרח ה׳ וכבודו עליך יראה. והלכו גויים לאורך ומלכים לנוגה זרחך. שאי סביב עיניך וראי: כלם נקבצו באו לך. בניך מרחוק יבאו ובנותיך על צד תאמנה. אז תראי ונהרת ופחד ורחב לבבך. כי יהפך עליך המון ים. חיל גויים יבאו לך שפעת גמלים תכסך. בכרי מדין ועיפה. כלם משבא יבאו. זהב ולבונה ישאו ותהלות ה׳ יבשרו. כל צאן קדר יקבצו לך. אילי נביות ישרתונך. יעלו על רצון מזבחי ובית תפארתי אפאר. מי אלה כעב תעופינה וכיונים אל ארובותיהם. כי לי איים יקוו ואניות תרשיש בראשונה להביא בניך מרחוק. כספם וזהבם אתם לשם ה׳ אלהיך ולקדוש ישראל כי פארו. ובנו בני נכר חומותיך ומלכיהם ישרתונך. כי בקצפי הכיתיך וברצוני רחמתיך. ופתחו שעריך תמיד יומם ולילה. לא יסגרו, להביא אליך חיל גוים ומלכיהם נהונים. כי הגוי והממלכה אשר לא יעבדוך יאבדו והגויים חרב יחרבו. כבוד הלבנון אליך יבוא. ברוש תדהר ותאשור יאחדו לפאר מקום מקרשי ומקום רגלי אכבד. והלכו אליך שחוח בני מעניך והשתחוו על כפות רגליך כל מנאציך וקראו לך עיר ה׳ ציון קדוש ישראל. תחת היותך עזובה ושנואה ואין עובר ושמתיך לגאון עולם משוש דור ודור. וינקת חלב גויים ושד מלכים תינקי וידעת כי אני ה׳ מושיעך וגואלך אביר יעקב. תחת הנחושת אביא זהב ותחת הברזל אביא כסף, ותחת העצים נחשת, ותחת האבנים ברזל. ושמתי פקודתך שלום ונגשיך צדקה. לא ישמע עוד חמס בארצך שוד ושבר בגבוליך וקראת ישועה חומתיך ושעריך תהלה, לא יהיה לך עוד השמש לאור יומם ולנגה הירח לא יאיר לך. והיה לך ה׳ לאור עולם ואלהיך לתפארתך. לא יבוא עוד שמשך וירחך לא יאסף, כי ה׳ יהיה לך לאור עולם ושלמו ימי אבלך. ועמך כלם צדיקים. לעולם יירשו ארץ. נצר מטעי, מעשה ידי להתפאר. הקטן יהיה לאלף והצעיר לגוי עצום. אני ה׳ בעתה אחישנה. (ישעיה ס׳).

אזוי האָב איך געשוואוירן איך זאָל מער ניט זיין אין כעס אויף דיר און שרייען אויף דיר. ווארום מעגלעך, אז די בערג זאָלן קענען אוועקגערוקט ווערן פון זייער אָרט, און די הויכע בערג זאָלן קענען איבערגעטראָגן ווערן. מיין חסד אָבער וועט ניט קענען אוועקגענומען ווערן פון דיר און מיין פרידן וועט ניט קענען אָפּגעטיילט ווערן פון דיר — האָט געזאָגט גאָט, וואָס האָט זיך דערבארעמט איבער דיר.*)

און אין א צווייטן פּלאַץ.

„און אצינד אזוי האָט גאָט דיין באַשעפער יעקב געזאָגט: דו זאָלסט קיין מורא ניט האָבן, ווארום איך האָב דיך אויסגעלייזט. איך האָב אין דיין נאָמען גערופן. דו באַלאַנגסט צו מיר. ווען דו וועסט אין וואַסער גיין, וועל איך מיט דיר זיין און אין די טייכן — וועלן זיי דיך ניט פאַרפלייצן. ווען דו וועסט גיין צווישן פייער — וועסטו ניט אָפּגעבריט ווערן און דער פלאַם וועט דיך ניט ברענען. ווארום איך בין גאָט דיין גאָט, דער קדוש ישראל, וואָס העלפט דיר. איך האָב מצרים פאַר דיין אויסלייז געלט אוועקגעגעבן. כוש און סבא האָב איך פאַר דיר אוועקגעגעבן. דערפאַר וואָס דו ביזט טייער אין מיינע אויגן און געשעצט האָב איך אוועקגעגעבן אנדערע מענטשן אנשטאָט דיר און פעלקער פאַר דער נשמה דיינער. דו זאָלסט קיין מורא ניט האָבן, ווארום מיט דיר בין איך. פון מזרח וועל איך ברייננען דיינע קינדער און פון מערב וועל איך דיר צונויפברייננגען. איך וועל זאָגן צו צפון: גיב, און צו דרום: זאָלסט ניט פארמיידן. ברייננג מיינע זין פון וויטן און מיינע טעכטער פון עק וועלט; אלע, וואָס רופן זיך מיט מיין נאָמען און וואָס איך האָב זיי צוליב מיין כבוד וועגן באַשאַפן".**)

---

*) ברגע קטן עזבתיך וברחמים גדולים אקבצך. בשצף קצף הסתרתי פני רגע ממך ובחסד עולם רחמתיך — אמר גואלך ה׳. כי מי נח זאת לי, אשר נשבעתי מעבור מי נח עוד על הארץ, כן נשבעתי מקצף עליך ומגעור בך. כי ההרים ימושו והגבעות תמוטינה וחסדי מאתך לא ימוש וברית שלומי לא תמוט אמר מרחמך ה׳. (ישעיה נ״ד).

**) ועתה כה אמר ה׳ בראך יעקב ויצרך ישראל: אל תירא, כי גאלתיך, קראתי בשמך לי אתה. כי תעבור במים אתך אני ובנהרות לא ישטפוך. כי תלך במו אש לא תכוה ולהבה לא תבער בך כי אני ה׳ אלהיך, קדוש ישראל מושיעך.

„קער זיך אום צו מיר, ווארום איך האָב דיך אויסגעלייזט. זינגט איר הימלען וועגן דעם, וואָס גאָט האָט געטאָן. שאַלט איר פונ־דאמענטן פון דער ערד. עפנט איר בערג א געזאַנג, איר וועלדער און די אַלע בוימער, וואָס געפינען זיך אין זיי. ווארום גאָט האָט אויסגעלייזט יעקבן און ער גרויסט זיך מיט ישראלן".*)

און נאָך אין אן אַנדער פּלאַץ זאָגט ער דער נביא פאָלגנדע ווערטער אין נאָמען פון גאָט צו די אידן.

„איך וועל זאָגן צו די פארהאַפטעטע: „גייט ארוים". צו די וואָס געפינען זיך אין דער פינצטער: „באַווייזט זיך". אויף די בערג וועלן זיי זיך פיטערן. זיי וועלן ניט הונגעריק זיין. און זיי וועלן קיין דורשט ניט פילן און עס וועט זיי די היץ און די זון ניט שלאָגן. ווארום זייער דערבארעמדיקער וועט זיי פירן און ביי די קוואלן פון וואַסער וועט ער זיי פירן. און איך וועל פארוואַנדלען אַלע מיינע בערג אין (א גלייכן) וועג. די וועלן פון ווייטן קומען. און די פון צפון און די פון מערב און די פון לאַנד סינים. זינגט איר הימלען און פריי זיך ערד און עפנט אויף איר בערג א געזאַנג. ווארום גאָט האָט געטרייסט זיין פאָלק"...

„און ציון האָט געזאָגט: גאָט האָט מיך פארגעסן. קען דען (אָבער) פארגעסן א פרוי איר זויגנדיק קינד? קען זי קיין מיטלייד ניט פילן מיט דעם קינד פון איר לייב? וועז (אָבער) דאָס אַלעס זאָל אפילו יא קענען פארגעסן ווערן — וועל איך אין דיר ניט פארגעסן. איך האָב דאָך דיך אויף די הענט אויסגעקריצט. דיינע מויערן זיינען אנטקעגן מיר שטענדיק... הויב אויף ארום דיינע אויגן און זע. זיי זיינען אַלע צענויפגעקומען זיך צו דיר. ווי איך לעב — זאָגט גאָט — אז ווי מיט צירונג, וועסטו זיך מיט זיי אַלע באַפּוצן און ווי א כלה וועסטו זיך מיט זיי ארומבינדן. ווארום, ווי וויסט און חרוב

---

נתתי כפרך מצרים, כוש וסבא תחתיך. מאשר יקרת בעיני נכבדת ואני אהבתיך ואתן אדם תחתיך ולאומים תחת נפשך. אל תירא, כי אתך אני, ממזרח אביא זרעך וממערב אקבצך, אמר לצפון תני ולתימן אל תכלאי. הביאי בני מרחוק ובנותי מקצה הארץ. כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו ,יצרתיו אף עשיתיו. (ישעיה מ"ג).

*) שובה אלי כי גאלתיך. רני שמים, כי עשה ה׳. הריעו תחתיות ארץ. פצחו הרים רנה, יער וכל עץ בו, כי גאל ה׳ יעקב ובישראל יתפאר. (ישעיה מ"ד).

דו ביזט איצט, אזוי וועסטו נאָך איינג ווערן פון די פילע איינ־וואוינער, וואָס וועלן וואוינען אין דיר. און דו וועסט זיך טראכטן: ווער האָט צו מיר געבאָרן אָט די אלע? און איך בין דאָך געווען א פארוואָרפענע און אן עלנדע. און אָט די ווער האָט דערצויגן? איך בין דאָך אליין געבליבן. פון וואו האָבן זיך דען אָט די געגנו־מען? אזוי האָט גאָט געזאָגט: איך וועל אויפהויבן צו די נאַציאָ־נען מיין האנט און צו די פעלקער מיין פאָן — און זיי וועלן ברייננען דיינע זין אין זייערע אָרימס און דיינע טעכטער וועלן אויף די אקסלען געטראָגן ווערן. און די מלכים וועלן דיינע דערציער זיין און די פרינצעסינס דיינע אַמען. מיט דעם פנים וועלן זיי זיך צו דיר ביז צו דער ערד בוקן, און דעם שטויב פון דיינע פיס וועלן זיי לעקן. און דו וועסט וויסן, אז איך בין גאָט, וואָס עס ווערן ניט פארשעמט די, וואָס האָפן צו מיר.*)

„און דו, ישראל מיין קנעכט, — לייענט זיך א צווייטע נבואה — יעקב מיין אויסדערוויילטער, די קינדער פון אברהם מיין פריינט, וואָס איך האָב דיך גענומען פון די עקן פון דער ערד און פון צווישן אירע גרעסטע פעלקער האָב איך דיך גערופן און איך האָב צו דיר געזאָגט: דו ביזט מיין קנעכט. איך האָב דיך אויסדערוויילט און איך האָב דיך ניט פארמיאוסט. דו זאָלסט קיין מורא ניט האָבן, ווארום איך בין דיין גאָט. איך וועל דיך שטארקן און וועל דיך העלפן און וועל דיך אונטערלענען מיט דער רעכטער האנט פון מיין הילף. זיי וועלן פארשעמט ווערן די אלע, וואָס רייצן זיך מיט דיר. זיי וועלן ווי גאָר ניט זיין. און זיי וועלן פארלאָרן גיין די מענטשן, וואָס וועלן זיך קריגן מיט דיר. דו וועסט זיי זוכן און דו וועסט זיי ניט געפינען די מענטשן, וואָס קריגן זיך מיט דיר, ווי נישטיקייט און גאָר ניט וועלן זיין די, וואָס וועלן מלחמה האלטן מיט דיר. ווארום איך, גאָט דיין גאָט, וועל דיך האלטן ביי דיין רעכטער האנט. איך גאָט, וואָס זאָגט צו דיר, האָב קיין מורא ניט — איך וועל דיר העלפן. האָב קיין מורא ניט דו וואָרם יעקב, דו אין צאָל קליינער ישראל. איך וועל דיר העלפן — זאָגט גאָט און דיין אויסלייזער, דער קדוש ישראל. איך האָב דיך פארוואנדלט אין א שארפן נייעם דרעשער, וואָס האָט ציינער זייער פיל. דו וועסט דרעשן בערג און

*) ישעיה מ״ט.

דו וועסט זיי צעשטויבן און די הויכע בערג וועסטו אין מעקענע פאַר־וואַנדלען. דו וועסט זיי צעשפּרייטן און דערווינט וועט זיי אָוועק־טראָגן און דער שטורם ווינט וועט זיי צעשפּרייטן, און דו וועסט זיך פרייען מיט גאָט מיט דעם קדוש ישראל וועסטו זיך רימען. די עניים און אביונים האָבן אויסגעקוקט אויף וואַסער און ניט געהאַט. זייער צונג האָט פאַר דורשט געטריקנט. איך גאָט וועל זיי ענטפערן. איך דער גאָט פון ישראל וועל זיי ניט פאַרלאָזן. איך וועל אויף די הויכע בערג טייכן אויפעפענען און צווישן טאָלן קוואַלן.

איך גאָט וועל זיי ענטפערן. איך וועל מאַכן, אז אין דער מדבר זאָל רינען וואַסער און אין דעם וויסטן לאַנד וועל איך עפענען קוואַלן פון וואַסער.*)

---

אין אָט אַזוינע שטימונגען האָבן געלעבט די גולים צום מאָמענט. ווען כורש איז מיט זיין עראָבערישער טעטיקייט אָנגעגאַנגען. אָט אַזוינע האָפנונגען האָבן זיי געזען פאַר זיך אין זיין טעטיקייט. די געשעהענישן, וואָס האָבן זיך אין יענעם פעריאָד יאָרן פאַרנאַנדער־געוויקלט פאַר זייערע אויגן, האָבן זיי דערמוטיקט צו האָפן אויף א פאָלשטענדיקער גאולה. פון אלע פיר עקן פון דער וועלט וועלן די „נדחי ישראל" קיין ציון קומען. די אָנקומענדע גאולה וועט אירע פליגלען פאַרשפּרייטן אויף די אלע אידישע גולים, וואָס זיינען נאָר ערגעץ וואו פאַרשטויסן געוואָרן.

און ניט נאָר פאָלשטענדיק וועט די אָנקומענדע גאולה זיין, נאָר אויך אייביק דויערנד. די נייע זון און די נייע לבנה, וואָס וועלן אָנהויבן שיינען אין דעם נאַציאָנאַלן און פּאָליטישן אידישן לעבן — וועט זייער ליכט שוין קיינמאָל ניט אונטערבראָכן ווערן.

זיי האָבן געזען אין די נצחונות פון כורשן אן אַקט פון נקמה נעמען פון דער השגחה אין די פעלקער, וואָס האָבן רשעות דעם אידישן פאָלק געטאָן. גאָט האָט אים אלם שליח געשיקט, ער זאָל דעם אידישן פאָלק זיין באַפרייאונג ברענגען. און כדי עס זאָל שוין מער קיין געפאַר ניט לויערן אויף דער פרייהייט פון אידישן פאָלק, וועט ער — גאָט — אויך די אלע אנדערע שכנישע פעלקער פון

*) ישעיה, מ"א.

ארץ ישראל אונטער דעם יאָך פון כורש ברענגען. „ונתתי אדם כפרך ולאומים תחת נפשך". פאַר דעם גליק פון אידישן פאָלק וועט ער אנדערע פעלקער אלס זייער קרבן ברענגען אָנשטאָט, וואָס ביז איצט איז דאָס אידישע פאָלק זייער קרבן געווען.

און דעריבער האָט דער נביא פון די אויבנדערמאָנטע נחמות־נבואות מיט אזוי פיל באַגייסטערונג אויך וועגן כורשן גערעדט.

דער נביא דערציילט, אז גאָט האָט באַשטימט כורשן פאַר א פאַסטוך איבער די אידן. ער האָט אים באַשטימט ער זאָל זיין ווילן דורכפירן, ער זאָל זאָגן צו ירושלים, זי זאָל געבויט ווערן און אז דורך אים זאָל דער פונדאַמענט פאַר דעם היכל געלייגט ווערן.

„אָט אזוי האָט גאָט געזאָגט וועגן זיין משיח כורש, וואָס איך האָב אים ביי זיין רעכטער האנט אָנגענומען, אונטערצואווארפן פאַר אים די פעלקער. און די לענדן פון די מלכים וועל איך פאַר אים לויז מאכן, מען זאָל אויפעפענען פאַר אים די טירן און די טויערן זאָלן ניט צוגעשלאָסן ווערן. איך וועל גיין פאַר דיר און די קרומע וועגן וועל איך אויסגלייכן. די קופערנע טירן וועלן איך צו־ברעכן און די אייזערנע שטאַנגען וועל איך פאַרשניידן. און איך וועל דיר געבן די אלע אוצרות, וואָס געפינען זיך אין דער פינצטער און די אלע זאכן, וואָס ליגן אין די פאַרבאָרגענישן באהאלטן, כדי דו זאָלסט וויסן, אז איך בין גאָט, וואָס רופט דיך ביי דיין נאָמען, דער גאָט פון די אידן. צוליב מיין קנעכט יעקב און ישראל מיין אויסדערוויילטן האָב איך דיך ביי דיין נאָמען גערופן. איך האָב דיך ביי דיין נאָמען גערופן, ווען דו האָסט פון מיר נאָך ניט געוואוסט. איך בין גאָט און עס איז ניטאָ מער (קיין גאָט). א חוץ מיר איז ניטאָ קיין גאָט. איך האָב דיר געהאָלפן, ווען דו האָסט פון מיר נאָך ניט געוואוסט. כדי זיי זאָלן וויסן פון די ערטער, וואו די זון הויבט אָן צו שיינען און פון די ערטער וואו זי פארגייט, אז קיינער איז ניטאָ אחוץ מיר. אז איך בין גאָט און ניט קיינער מער." (ישעיה מ"ה).

די ידיעות, וואָס האָבן זיך צו די גולים דערטראָגן וועגן דעם האָס, וואָס כורש האָט געפילט צו די געצנדינער, וועגן דעם, ווי ער האָט שווער געקעמפט אויסצוראָטן די געצנדינעריי פון צווישן די פעלקער, וואָס ער האָט באַזיגט, האָבן זיך אין גראַנדיעזע בילדער צעוואַקסן אין זייער פאַנטאַזיע צו קענען אים באַטראַכטן אלס דעם

שליח צבור פון אידישן פאָלק, ער זאָל פאַר זיי זייער קאַמף פאַר ריינעם גלויבן אין גאָט אויסקעמפן, צו באַטראַכטן אים אַלס דעם שליח פון גאָט ניט נאָר דערויף, ער זאָל די אידן פון זייער קנעכט־שאַפט באַפרייען, נאָר אויך דערויף, ער זאָל די גאַנצע וועלט באַ־פרייען פון אירע פאַלשע רעליגיעזע באַגריפן. זיי האָבן אים אַלס זייער מיטקעמפער באַטראַכט פאַר אַ ריינעם גלויבן אין גאָט, און דאָס האָט זיי דערמוטיקט, אויך זיי זאָלן אַ שאַרפן ווערטער־קאַמף אָנפירן קעגן דעם עבודה־זרה־קולט פון זייערע שכנים. דאָס וואָס די נייע וועלט־עראָבערער זיינען גאָר נאָענט צו ריינעם גלויבן געשטאַ־נען, האָט זיי געמאַכט גלויבן, אז די געצנדינערייִ דערלעבט שוין די לעצטע עטלעכע טעג אירע, און זיי האָבן זיך פאַר אַן אינטענסיווע טעטיקייט גענומען, זיי זאָלן דעם סוף אירן דערנענטערן.

די סאַטירן אויפן עבודה זרה קולט, וואָס געפינען זיך אין די נחמות־נבואות פון ספר ישעיה, זיינען די שאַרפסטע אין גאַנצן תנ"ך. זיי צייכענען זיך אַזוי מערקווירדיק אויס מיט דעם שניידענדן סאַר־קאַזם זייערן און עס געפינט זיך אין זיי אַזוי פיל פיינער עלעמענט פון אויסלאַכן.

„דער אייזן־שמיד (אַרבעט מיט) אַ האַק (דעם אָפּגאָט) און אַרבעט אים אויף קוילן און מיט האַמערס באַשאַפט ער אים און ער לייגט אַריין אין אים דעם גאַנצן כח פון זיין אַרם. (ער אַרבעט אויף אים אויך ווען) ער איז הונגעריק און ער האָט קיין כח ניט, אויך ווען ער איז דורשטיק און מיד. דער סטאָליאַר שפּרייט אויס דעם שנור; ער צייכנט אַרום מיט קרייד. ער מאַכט אים מיט הובעלס און וואַרפט אָן זיין פּלאַן מיט אַ צירקל. און ער מאַכט אים, ווי דאָס געשטאַלט פון אַ מענטשן, ער זאָל אַזוי שיין אויסקוקן, ווי אַ מענטש (און ער מאַכט פאַר אים אויך) אַ הויז צום וואוינען. ער שניידט אויס פאַר זיך צעדערבוימער און ער נעמט פאַר זיך דעם ציפּריסן־בוים און דעם דעמבן־בוים און ער קלייבט פאַר זיך אויס (די בעסטע) צווישן די בוימער פון וואַלד. ער פאַרפלאַנצט אַן עשען־בוים און דער רעגן מאַכט וואַקסן אים. און ער ווערט באַשטימט פאַר דעם מענטשן צום ברענען. און ער נעמט פון אים און וואַרימט זיך (ביי אים). ער הייצט מיט אים אויס און באַקט מיט אים ברויט. און פון דעם זעלבן (בוים) מאַכט ער פאַר זיך אויך אַ גאָט און

בוקט זיך צו אים. ער מאכט (פאר זיך) א בילד, קניט צו דעם, העלפט האָט ער פאַרברענט אין פייער. דורך א העלפט פון אים קען ער עסן פלייש: ער בראָט געבראָטנס און זעטיקט זיך. אויך וואַרימט ער זיך און זאָגט: א פרייד, איך האָב זיך אָנגעוואַרימט. איך האָב דערפילט דאָס פייער. און דאָס איבערגעבליבענע פון אים מאַכט ער פאר א גאָט. ער קניט און בוקט זיך צו אים און איז מתפלל צו אים און זאָגט: זיי מיר מציל, ווארום דו ביזט מיין גאָט. זיי ווייסן ניט און פאַרשטייען ניט. ווארום עס זיינען פאַרשמירט זייערע אויגן, זיי זאָלן ניט קענען זען. זייערע הערצער זיינען פאַרשטאָפּט, זיי זאָלן ניט קענען פאַרשטיין. און ער ברייננגט עס ניט צו זיין הארץ און ער האָט קיין שכל ניט און קיין פאַרשטאַנד ניט צו זאָגן: א העלפט פון אים האָב איך פאַרברענט אין פייער און איך האָב אויך געבאַקן אויף זייערע קוילן ברויט, פלייש האָב איך געבראָטן און געגעסן — און פון דעם איבעריקן זאָל איך פאר זיך אַן אָפּגאָט מאַכן? צו א שטיק האָלץ זאָל איך קניען? דער אש־פּיטערער — זיין נאַרישׂ האַרץ האָט אים פאַרפירט, ער זאָל ניט קענען ראַטן די נשמה זיינע און זאָגן צו זיך: איך האַלט דאָך דעם שקר אין מיין רעכטער האַנט. (ישעיה מ״ד).

---

אין די דאָזיקע נחמות נבואות פון ספר ישעיה שפּיגלט זיך אויך אָפּ די גרויסע ענדערונג, וואָס עס איז געקומען אין די אָנשויאונגען פון אידישן פאָלק בנוגע צום אינהאַלט, פון וועלכן עס באַדאַרף די עבודת השם באַשטיין, און די אָנשויאונגען זייערע בנוגע צום געוויכט, וואָס באַדאַרף אויף דעם ענין פון קרבנות ברייננגען געלייגט ווערן. עס ווערט דאָרטן ווידער אַמאָל און נאָכאַמאָל אונטערשטראָכן, אז אויך דאָס מקיים זיין פון די בין אדם־למקום־פליכטן באַשטייט הויפּטזעכלעך נאָר אין דעם, מען זאָל די בין־אדם־לחברו מצוות מקיים זיין, אז גאָט נויטיקט זיך ניט אין די תפלות און אין די קרבנות פון די מענטשן, נאָר דאָס אַלעם דאַרף מער ניט, ווי נאָר א סימבאָל זיין, וואָס דאַרף ווייזן אויף דער גרויסער הכנעה, וואָס דער מענטש פילט פאר דעם באַשעפער זיינעם, אויף דער גרויטקייט זיינער ער זאָל א מתדבק במדותיו זיין, ער זאָל, ווי די גאָטהייט ריין און הייליק זיין שטענדיק, ער זאָל ווי די גאָטהייט א משפיע טוב

וחסד שטענדיק זיין; נאָר דאָס אַלעס דאַרף נאָר א סימבאָל זיין, אַז דער מענטש פילט זיך פאר די זינד זיינע קעגן גאָט שולדיק, און ער גלויבט, אַז ער וואָלט פאר זיי מיט זיין בלוט באַדאַרפט באַצאָלן, אַז ער האָט חרטה אויף זיי און ער נעמט אויף זיך, ער זאָל שוין מער ניט זינדיקן.

און דעריבער איז, אַז ווען עס קומט ניט די תשובה פון מענטשן אין דער באַגלייטונג פון די קרבנות, וואָס ער ברענגט פאר גאָט, ווען ער ברענגט זיי נאָר מיט דעם געדאַנק זיינע זינד אויסצוקויפן אָדער גאָט מחנה צו זיין, זיינען דאַן די קרבנות זיינע ניט נאָר ניט אָנגענומען ביי גאָט, נאָר זיי ווערן פון אים אויך אַלס שווער פאַר־ברעכן באַטראַכט, זיי ווערן פון אים אַלס אַן אַקט פון שפיכות דמים באַצייכנט. ניט נאָר קויפט דאַן ניט אויס דורך זיי דער מענטש די זינד, וואָס ער איז באַגאַנגען, נאָר ער איז נאָר מוסיף דורך זיי נאָך א שווערערע זינד אויף די פריערדיקע זינד זיינע.

„אָט אַזוי האָט גאָט געזאָגט — גיט איבער דער נביא די ווער־טער פון גאָט — דער הימל איז מיין שטול און די ערד איז מיין פוס־בענקעלע. וואָס פאר א הויז קענט איר עס בויען פאר מיר און וואו איז דאָס אָרט פון מיין רוען. און אָט דאָס אַלעס האָט מיין האַנט געטאָן און (דורך מיר) איז געוואָרן דאָס אַלעס. און נאָר צו דעם קוק איך — צום אָרימען און צו דעם, וואָס איז ביי זיך געפאַלן און וואָס ציטערט איבער מיין וואָרט. ווער עס קוילעט אַן אָקס איז גלייך ווי ער דערשלאָגט א מענטשן; דער וואָס איז מקריב א שעפעלע איז גלייך ווי ער האַקט אָפּ דעם קאָפּ א הונט. דער וואָס ברענגט אַרויף צו מיר א מנחה איז גלייך ווי ער ברענגט אַרויף דאָס בלוט פון א חזיר. דער וואָס ברענגט דעם ווייראויך איז גלייך ווי ער בענטשט דעם אָפּגאָט. (ישעיה ס"ו).

אין א צווייטן פּלאַץ לייענען מיר די פאָלגנדע ווערטער, וואָס גאָט האָט צום נביא געזאָגט:

„שריי אין דער הויך, זאָלסט ניט אויפהערן. ווי א שופר זאָלסטו אויפהויבן דיין קול און זאָג צו מיין פאָלק זייער פאַרברעכן און צום הויזגעזינד פון יעקב זייערע זינד. טאָג און טאָג זוכן זיי מיך. און צו וויסן מיינע וועגן — ווילן זיי, ווי (זיי וואָלטן זיין) א פאָלק, וואָס טוט גערעכטיקייט, און די פאַראָרדנונגען פון זיין גאָט האָט עס ניט

פארלאָזט. זיי פאָדערן פון מיר א משפט צדק. די נאָענטקייט פון גאָט ווילן זיי. „פארוואָס פאַסטן מיר און דו זעסט עס ניט". מיר פייניקן אונזערע לייבער און דו ווייסט עס ניט?" אין טאָג פון אייער פאסטן אָבער טוט איר דאָך אלע אייערע געשעפטן. און אלע אייערע שווערע ארבעטן פרעסט איר דאָן. אויף צו קריגן זיך פאַסט איר דאָך און צו שלאָגן מיט דעם פויסט פון רשעות. איר פאסט ניט, צו לאָזן הערן צום הימל אייער קול. איז אָט אזא זאָל דען זיין דער תענית, וואָס איך זאָל אים אויסדערוויילן? דער טאָג, וואָס דער מענטש זאָל זיין לייב פייניקן? צו נאָר דערויף איז א תענית: דער מענטש זאָל איינבויגן ווי טשערעט זיין קאָפּ און א זאַק און אַש זאָל ער אויסשפרייטן. אָט אזא טאָג ווילסטו רופן א טאָג פון פאסטן און וויליק ווערן צו גאָט? דער תענית, וואָס איך וועהל אוים, הייסט גאָר אָט דאָס צו טאָן: אויפצועפענען דאָס, וואָס די רשעות האָט פארקניפּט. אויפצובינדן די שטריק פון יאָך (וואָס ליגט אויף די אָרימע לייט) און צו לאָזן פריי די פארשקלאַפטע און יעדן יאָך זאָלט איר איבערברעכן. דו זאָלסט אָפּברעכן צום הונגעריקן פון דיין ברויט און די אומגליקלעכע אָרימע לייט זאָלסטו ברייננגען צו דיר אין הויז. ווען דו וועסט זען א נאקעטן — זאָלסטו אים צודעקן און פון דיין אייגן לייב זאָלסטו ניט זיך פארהוילן. (ישעיה נ"ה).

י״ג

# דאָס צוריקקערן זיך פון די גולי בבל קיין ארץ ישראל

לעגענדארע באַפּוצונג און היסטאָרישער אמת. — דער הינטערגרונד פון כורשעס פריינטלעכע באַציאונג צו די גולים. — דער פּרסום, וואָס די לערן פון זאָראַאַסטער האָבן אין פּערסיען ארום דער צייט פון נאָכן חורבן געקראָגן. — זיינע — כורשעס — אמביציעס אלס וועלט־הערשער. — א מאָטיוו פון ריין פסיכאָלאָגישן כאַראַקטער. — דער גרויסער מאָמענט. — דער דעקרעט, וואָס כורש האָט ארויסגעלאָזט, אין וועלכן ער האָט פּראָקלאַמירט די פרייהייט פאר די גולים, צוריקצוקערן זיך קיין ירושלים און אויפבויען דאָרטן דעם בית המקדש, וואָס דער שונא האָט חרוב געמאכט.

עס האָבן זיך פאַרשיידענע אומשטענדן אויף דעם גינסטיקסטן אופן קאָמבינירט דערויף, עס זאָלן זיך ניט אלס פאַלש ארויסווייזן די אַלע האָפענונגען, וואָס די גולים האָבן אויף כורשן געלייגט. אויך די אידישע נביאים און די תלמידים זייערע, וואָס האָבן אין אָט יענעם פעריאָד יאָרן געלעבט און האָבן אָט יענע האָפענונגען ביי די גולים געוועקט, האָבן זיך, ווי זייערע פאָרגענגער, אלס גלענצנדע פסיכאָלאָגן און ווייטזעענדע פּאָליטיקער ארויסגעוויזן. די אַלע אויס־רעכענונגען זייערע זיינען ביז די קלענסטע דעטאַלן מקוים געוואָרן.

אַן אַלטע לעגענדע דערציילט, אז ווען כורש האָט איבערגענומען דעם פּערסישן טראָן נאָך דעם טויט פון דעם פריערדיקן פּערסישן קעניג, וואָס אונטער זיין הערשאַפט האָט כורש אָנגעפירט די באַ־לאַגערונג אויף בבל, זיינען די זקנים פון די גולים געקומען צו אים און אים געוויזן די נבואות, וואָס עס האָט ווענן אים נבואות געזאָגט ישעיה הנביא, וועלכער האָט געלעבט מיט א צוויי הונדערט יאָר פריער. „זיי האָבן אים געוויזן, אז צוריק נאָך מיט צוויי הונדערט יאָר האָט גאָט דעם סוד פאַרטרויט צום נביא זיינעם, אז זיין ווילן איז, אז כורש, ווען ער האָט באַשטימט צו זיין א קעניג איבער

פילע און גרויסע פעלקער, זאָל צוריק אומקערן זיין פאָלק צו זיין איינן לאנד און אויפבויען זיין טעמפל". און ווען ער האָט דאָס געזען האָט אים אַן ערנסטער פארלאנג באהערשט, ער זאָל דאָס אָנגעשריבענע דורכפירן"*).

און ווי אונזער באציאונג זאָל ניט זיין צו די אַלע דעטאַלן פון דער דאָזיקער אַלטער לעגענדע, איז אויך דאָס אָבער זיכער, אַז עס איז פיל היסטאָרישער אמת פאַראַן אין דעם, וואָס זי דערציילט אונז.

אויף וויפיל עס האנדלט זיך וועגן דעם הויפט אינהאַלט, וואָס מיר קענען פון איר ארויסלערנען, אויף וויפיל עס האנדלט זיך וועגן דעם דאָזיקן הויפט אינהאַלט, וואָס באשטייט אין דעם, אַז כורש האָט זיך געפילט געשמייכלט פון דעם ענטוזיאַזם, מיט וועלכן די פאַרשטייער פון די גולים האָבן וועגן אים גערעדט און פון דעם וואָס עס זיינען אין זיין דערפאָלג אזוי פיל אידישע האָפענונגען אָנגעהאַנגען געוואָרן, דערציילט אונז די דאָזיקע אַלטע לעגענדע ווירקלעכע געשיכטע.

עס קען גאָר קיין צווייפל ניט זיין, אַז אין דער גרויסער פריינטשאַפט, וואָס כורש האָט ארויסגעוויזן צו די אידן, האָט אַ גרויסע ראָלע געשפּילט דער עלעמענט פון קעגנזייטיקער פריינטשאַפט, פון באַלוינען זיי פאַר דעם, וואָס זיין נאָמען איז פון זיי מיט אזוי פיל ברכה אויף זייערע ליפּן דערמאָנט געוואָרן, ווי אויך דער עלעמענט פון דאנקבארקייט, וואָס ער האָט געפילט צו זיי פאַר דער באַדייטנדער הילף, וואָס זיי האָבן אים געגעבן — עס איז קיין אורזאַך ניטאָ צו צווייפלען, אַז אַזאַ זאַך איז ווירקלעך געשען — ער זאָל, וואָס גיכער און וואָס פולשטענדיקער זיין זיג איבער בבל אָפּהאַלטן.

און צו דעם דאָזיקן מאָטיוו פון פּערזענלעכן כאַראַקטער איז אויך צוגעקומען דער מאָטיוו פון העכערן אָביעקטיוון כאַראַקטער.

כורש, וועלכער האָט אַזוי שטרענג באַקעמפט געצנדינעריי, וועלכער איז אַזאַ ענטוזיאַסטישער אָנהענגער געווען פון די לערן פון זאָראַאַסטער,**) וועלכע האָבן מיט ניט פילע יאָרן צוריק ערשט גרויסן

---

*) יוסיפוס אין די קדמניות היהודים.

**) אין פּערסיש: זאראטוסטרא. ער איז געשטאָרבן אַ פּאָר יאָר פאַר דעם ערשטן חורבן. ביז אים זיינען אויך די פּערסער געצנדינער געווען.

פּרסום געקראָגן אין פּערסיע, האָט געמוזט אַ געפיל פון ספּעציעלער פריינטשאַפט פאַרמאָגן פאַר דעם אידישן פאָלק, וואָס זיין לעבן איז צו יענער צייט אַזוי קריסטאַל־ריין געוואָרן פון יעדן סאָרט געצנדינערייַ. די קורבה רוחנית, וואָס האָט צווישן אים און צווישן אידישן פאָלק עקזיסטירט אויף דעם פעלד פון ריינערע רעליגעזע באַגריפן, האָט געמוזט ברענגען דערצו, עס זאָל אים דער שיקזאַל פון די גולים נאָענט צום האַרצן זיין.

און צו דעם אַלעם קומט נאָך צו דער מאָטיוו פון ריין פּאָלי־טישן און דיפּלאָמאַטישן כאַראַקטער.

ער — כורש — האָט עס געפונען פאַר נוצלעך און וויכטיק פון שטאַנדפּונקט פון זיינע מלוכה אינטערעסן, אַז ארץ־ישראל זאָל זיין קאָלאָניזירט פון אַ פריינטלעכן און דאַנקבאַרן צו אים עלעמענט. דאָס געפינען זיך פון אַזאַ פריינטלעכן און דאַנקבאַרן צו אים עלעמענט, ווי ער האָט געקענט האָפן אין די אידן צו האָבן, אין דער טעריטאָריעלער ספערע פון יענע פון זיין לאַנד וויטע גרעניצן, האָט באַדאַרפט זיכערער און פעסטער מאַכן זיין הערשאַפט אין די דאָזיקע וויטע פּראָווינצן.

און ניט נאָר דערויף אַליין, ער זאָל קענען רעאַליזירן זיינע אַמביציעס אַלס וועלט־הערשער, האָט ער דאָס באַוואוינט זיין פון ארץ ישראל דורך די אידן אַלס וויכטיקן פאַקטאָר געמוזט באַטראַכטן, נאָר אויך דערויף, ער זאָל קענען רעאַליזירן זיינע אַמביציעס אַלס רעליגיעזער רעפאָרמאַטאָר. פאַר דעם דערגרייכן פון די ביידע צוועקן זיינע איז זייער וויכטיק געווען, עס זאָל ארץ ישראל צוריק אַ אידיש לאַנד ווערן. דאָס געפינען זיך פון אידישן עלעמענט אין יענע טע־ריטאָריעלע גרעניצן, וואָס זאָל קענען מיט זיין ריינעם רעליגיעזן לעבן אַלס מוסטער דינען פאַר די אַרומיקע שכנישע פעלקער, האָט אים באַדאַרפט פיל באַדייטנדע הילף ברענגען, ער זאָל קענען אויך אין יענע וויטע געגנטן די געצנדינערייַ באַקעמפן.

דאַן קומט נאָך דער מאָטיוו פון ריין פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער. אויך ער האָט ניט געקענט ניט באַוואונדערן די גייסטיקע גבורה פון די גולים, זייער גליענדע בענקשאַפט נאָך דעם לאַנד פון זייערע עלטערן און זייער אין אַזוי פיל פיין און ווייטיק אויסגעטראָגענע

האָפענונגען אויף בעסערע צייטן. אויך ער האָט ניט געקענט ניט באוואונדערן דעם אייזן פעסטן גלויבן זייערן, אז פריער־שפּעטער וועלן די דאָזיקע האָפענונגען זייערע אויך רעאַליזירט ווערן.

און די דאָזיקע באוואונדערונג האָט ביי אים באגייסטערונג ארויסגערופן. און די באגייסטערונג — א באַרייטוויליקייט, ער זאָל זיי מיט זיין הילף אנטקעגן קומען, זיי זאָלן ניט אָפּגענאַרט אין זייערע האָפענונגען בלייבן, ער זאָל דער יעניקער זיין, דורך וועלכן עס זאָלן זייערע האָפענונגען רעאַליזירט ווערן.

עס איז עטוואָס דאָ אזוינס אין דער קראַפט פון א שטרעבונג, אין דער איינגעשפּאַרטער איבערגעבנקייט פון איינעם צו דעם, וואָס איז אים טייער און הייליק, וואָס פּאַרהיפּנאָטיזירט אונז, וואָס רופט ביי אונז ארויס באגייסטערונג און הייסען וואונטש און פאַרלאַנג, עס זאָל אָט יענע שטרעבונג רעאַליזירט ווערן, עס זאָלן אָט יענעמס האָפענונגען מקוים ווערן. און אויב עס איז אין אונז געווענדט, זיינען מיר מיט פרייד און אַנטציקונג גרייט שטענדיק אויך אונזער טייל בייצוטראָגן דערויף, יענע שטרעבונג און יענע האָפענונגען זאָלן מיט דערפאָלג געקרוינט ווערן.

אזוי צי אזוי, אָבער דער פאַקט איז, אז דער מאָמענט ווען כורש איז דער קעניג פון פּרס געוואָרן און זיין הערשאַפט האָט זיך אויך איבער בבל פאַרשפּרייט, איז דער גרויסער און וויכטיקער פאַקטאָר געווען, דורך וועלכן עס זאָל די רעאַליזירונג פון די אידישע האָפענונגען קומען.

שוין אין דעם ערשטן יאָר פון זיין באשטייגן דעם טראָן*) פון בבל האָט ער ארויסגעלאָזט א דעקרעט,**) אין וועלכן ער האָט פּראָקלאַמירט די פרייהייט פון די גולים, צוריקצוקערן זיך קיין ירושלים און אויפבויען דאָרטן צוריק דעם בית המקדש, וואָס דער שונא האָט חרוב געמאַכט.

---

*) אין דעם יאָר 537 — צום סוף יאָר אָדער גאָר אין אָנהויב פון 536 — פאר דער קריסטלעכער צייטרעכנונג. אין יאָר 607טן פאר דעם צווייטן חורבן — דאָס הייסט: פון דעם ראש השנה פון דעם יאָר, וועגן וועלכן מיר ריידן ביז דעם ראש השנה נאָכן צווייטן חורבן זיינען 607 יאָר אוועקגעגאנגען — אדער אין 606טן יאָר פאַר דעם צווייטן חורבן.

**) אין יאָר 536 אין 606טן פאַרן צווייטן חורבן.

לויט ווי עס ווערט דערציילט אין תנ"ך האָט זיך דער דאָזיקער דעקרעט, וועלכער איז דורך קעניגלעכע שטאַפעטן איבער גאַנץ בבל פאַנאַנדערטראָגן געוואָרן, אויף פאָלגנדן אופן געלייענט:

„אַט אַזוי האָט כורש, דער מלך פון פרס, געזאָגט: די אַלע קעניגרייכן פון דער ערד האָט מיר גאָט געגעבן, דער גאָט פון הימל. און ער האָט אויף מיר באַפוילן, איך זאָל בויען פאַר אים אַ הויז אין ירושלים וואָס אין יהודה. ווער פון אייך פון דעם גאַנצן פאָלק — זאָל זיין גאָט זיין מיט אים און ער זאָל אויפגיין קיין ירושלים, וואָס אין יהודה, און ער זאָל בויען דאָס הויז פון גאָט, דער גאָט פון ישראל אין ירושלים. און די אַלע, וועלכע וועלן בלייבן אין די ערטער, פון וואַנען דער געהער וועט זיך אַוועקלאָזן קיין ירושלים — זאָלן אים העלפן מיט זילבער און מיט גאָלד און מיט פאַרמעגן און מיט פי אויסער די נדבות, וואָס זיי וועלן מיטגעבן צום הויז פון גאָט, וואָס געפינט זיך אין ירושלים"*).

און ניט נאָר האָט כורש געגעבן די דערלויבעניש די גולים זיך אומצוקערן צוריק קיין ארץ־ישראל, נאָר ער האָט אויך באַפוילן דעם אויפזעער פון די קעניגלעכע אוצרות, ער זאָל אַרויסגעבן די גולים די כלים פון בית המקדש, וואָס נבוכדנצר האָט אַרויסגעפירט פון ירושלים און האָט זיי אין טעמפל פון בעל אַוועקגעלייגט. „די אַלע כלים פון גאָלד און זילבער — פינף טויזנט און פיר הונדערט, אָט דאָס אַלעס האָט מיט זיך גענומען ששבצר, ווען די גולים זיינען פון בבל קיין ירושלים געגאַנגען."**) ער האָט אים אויך געהייסן, ער זאָל זיי פון דער מלוכה־קאַסע אַרויסגעבן געלט אויף בויען דעם בית המקדש.

גרויס איז געווען די פרייד, וואָס דער דאָזיקער דעקרעט האָט אין לעבן פון די גולים אַריינגעטראָגן. ער האָט איבעראַל, וואו ער

*) כה אמר כרש מלך פרס: כל ממלכות הארץ נתן לי ה׳ אלהי השמים, והוא פקד עלי לבנות לו בית בירושלים אשר ביהודה, מי בכם מכל עמו — יהי אלהיו עמו ויעל לירושלים אשר ביהודה ויבן את בית ה׳ אלהי ישראל הוא האלהים אשר בירושלים. ולהנשאר מכל המקומות אשר הוא גר שם ינשאוהו אנשי מקומו בכסף ובזהב וברכוש ובבהמה עם הנדבה לבית האלהים אשר בירושלים—עזרא, א׳.

**) כל כלים לזהב ולכסף חמשת אלפים וארבע מאות — הכל העלה ששבצר עם העלות רגולה מבבל לירושלים.

האָט נאָר דערגרייכט, די גרעסטע באַגייסטערונג ביי דער אידישער באַפעלקערונג פון בבל אַרויסגערופן און עס האָט זיך אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט אָנגעהויבן צווישן די פאַרשיידנסטע שיכטן אירע, זיך וואָס שנעלער צום וועג פאַרטיק מאַכן.

באַלד ווי כורש האָט דעם באַפעל אַרויסגעגעבן איז אַ ספּעציעלער קאָמיטעט אָרגאַניזירט געוואָרן פון די פאָרנעמסטע מענטשן, וואָס האָבן זיך צווישן די גולים געפונען, וועלכער האָט באַדאַרפט אין זיינע הענט האַלטן דאָס אָנפירן מיט דעם צוריק אומקערן זיך פון די גולים קיין ארץ־ישראל. אָן דער שפּיץ פון דער דאָזיקער גרופּע מענטשן איז געשטאַנען דער פירשט זרובבל בן שאלתיאל, וועלכער איז געווען אַן אייניקל פון קעניג יהויכין*) און האָט געשטאַמט אַלזאָ פון מלכות בית דוד, און יהושוע בן יהוצדק, אַן אייניקל פון לעצטן כהן גדול שריה. צו זיי זיינען צוגעגעבן געוואָרן נאָך צען מענטשן, אַזוי, אַז צוזאַמען איז די גרופּע באַשטאַנען פון צוועלף מענטשן אַנטקעגן די צוועלף אידישע שבטים.**) די אַלע גולים, וואָס האָבן זיך געוואָלט צוריקקערן קיין ארץ־ישראל, האָבן זיך באַדאַרפט ווענדן צו די דאָזיקע צוועלף פירער, דער פאָרשטייער פון וועלכע איז, ווי שוין געזאָגט, געווען זרובבל. אים האָט אויך כורש באַשטימט אַלס דעם פּחה***) איבער די אידן אין פּאַלעסטינע נאָכדעם ווי די גולים וועלן אַהין קומען.

---

*) ער ווערט אויך אָנגערופן ששבצר אין „עזרא״. עס איז אבער אויך דאָ אַ מיינונג, אַז ששבצר און זרובבל זיינען צוויי באַזונדערע פּערזאָנען. ששבצר איז געווען יהויכינס אַ זון, און זרובבל, זיין — ששבצרס — פּלימעניק, איז געוואָרן דער פאָרשטייער פון די אידן נאָך ששבצרס טויט.

**) אין עזרא ווערן עלף אויסגערעכנט ביי די נעמען. אין נחמיה אָבער צוועלף. די נעמען ווידער זיינען אויך ניט די זעלבע אין ביידע פּלעצער.

אין עזרא ב׳ ווערן אָנגעגעבן די פאָלגנדע נעמען: זרובבל, ישוע, נחמיה, שריה, רעליה, מרדכי, בלשן, מספר, בגוי, רחום, בענה. און אין נחמיה ז׳: זרובבל, ישוע, נחמיה, עזריה, רעמיה, נחמני, מרדכי, בלשן, מספרת, בגוי, נחום, בענה. און לויט די חז״ל זיינען מרדכי און בלשן איין נאָמען. מרדכי ווערט לויט זיי נאָך אויך בלשן גערופן, ווייל ער האָט די אַלע שבעים לשונות געקענט. און זע דעם אבן עזרא ב׳. ער שרייבט דאָרט: „מרדכי בלשן הוא מרדכי היהודי. רק בלשן יתכן, שהיא איש אחר, והוא חסר וא״ו כאדם, שת, אנוש.״

***) פּעחאַה — שטעלפאָרטרעטער, פּערוואַלטער.

עס האָט אזוי אַרום אַ ליכטיקע האָפענונג אַ שוין געטאָן פאַר די גולים, זיי זאָלן ניט נאָר זייער באַליבט און טייער לאַנד ווידעראַמאָל באַוואוינען קענען, נאָר אַז זיי זאָלן אויך וואוינען דאָרטן אונטער דער הערשאַפט פון אַן אייגענעם קעניג, וועלכער זאָל נאָך שטאַמען דערצו פון דער דוד דינאַסטיע, אַז זיי זאָלן ניט נאָר די חורבות פון ירושלים צוריק אויפגעבויט זען, נאָר אַז זיי זאָלן אויך זען דעם כסא דוד צוריק אויפגעשטעלט. נאָך זייענדיק אין גלות האָבן זיי שוין געהאַט די אילוזיע פון אַן אייגענעם קעניג איבער זיך צו האָבן. נאָך איידער זיי זיינען צוריק אין לאַנד געקומען האָבן זיי אין זייערע אייגענע רייען שוין פאַר זיך דעם קינפטיקן קעניג זייערן געזען.

די צאָל פון די גולים, וואָס האָבן פאַרלאָזט בבל צו גיין קיין ארץ־ישראל, איז געווען צוויי און פערציק טויזנט דריי הונדערט און זעכציק פערזאָן, אויסער זייערע קנעכט און דינסטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ צאָל פון זיבן טויזנט; דריי הונדערט זיבן און דריי־סיק. עס ווערט דערציילט אין עזרא, אַז זיי האָבן אויך מיטגעפירט אַ כאָר, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי הונדערט זינגערס און זינגע־רינס.*) אויסער אָט די אַלע עולים, האָט זיך נאָך אויך געפונען צוזאַמען מיט זיי אַ באַדייטנדער עלעמענט פון דער ניט אידישער באַפעלקערונג. אויך פילע ניט אידן זיינען צוגעשטאַנען צו די עולים און האָבן צוזאַמען מיט זיי פאַרלאָזט בבל צו גיין קיין ארץ־ישראל. אויב עס האָבן זיך נאָך פריער געפונען פילע צווישן דער אַלגעמיינער באַפעל־קערונג פון בבל, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען צום אידנטום, האָט דאָס אָנשליסן זיך אין אידישן פאָלק פון פרעמדע נאַציאָנאַליטעטן נאָך מער געמוזט פאַרגרעסערט ווערן איצט, ווען זיי זיינען מיט שטויגונג און אַנטציקונג געשטאַנען אַלע פאַר דער וואונדערבאַרער פאַרווירקלעכונג פון די אידישע האָפענונגען און שטרעבונגען.

דער גאָר גרעסטער טייל פון די עולים איז דערוואָרבן געוואָרן פון שבט יהודה און שבט בנימין. עס האָט זיך צווישן זיי אויך אַ באַדייטנדע צאָל פון שבט לוי געפונען: די כהנים און די לויים. און די איבעריקע זיינען געווען פון די אַנדערע שבטים.

*) אין נחמיה — 245.

פון די אינטערעסאַנטסטע איינצלהייטן, מיט וועלכע עס ווערט באַגלייט אין ספר עזרא דער ספּור המעשה וועגן דער ערשטער עליה פון בבל, איז דאָס, וואָס די עולים ווערן דאָרטן איינגעטיילט אין פאַרשיידענע באַזונדערע גרופּן און עס ווערט אָנגעגעבן די צאָל פּער־זאָנען פון יעדער גרופּע באַזונדער. די גרופּן־איינטיילונג קומט דאָרטן פאָר לויט די באַזונדערע הויפּט־משפּחות און לויט די באַזונדערע שטעט און ערטער, פון וואַנען די גולים זיינען פון ארץ־ישראל קיין בבל געקומען. עס געפינט זיך דאָרטן אַ גאַנצע רשימה פון די אַלע אויבנדערמאָנטע שטעט און אויך פון די אַלע הויפּט־משפּחות, וואָס זייערע מיטגלידער האָבן זיך צווישן די גולים געפונען, ווי אויך פון די עולים, וואָס האָבן זיך אין יעדער שטאָט און משפּחה געפונען. עס האָט זיך זיי—די גולים—איינגעגעבן אָנצוהאַלטן די קאָנסטיטוציאָ־נעלע גרופּירונג זייערע פונם נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם לויט די ערטער, אין וועלכע זיי האָבן מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק אין זייער אייגן לאַנד געוואוינט. אין אַזוינע שאַרפע פאָרמען האָבן זיי אויך געקענט איינ־היטן די גענעאָלאָגישע פאַרבינדונגען זייערע. דאָס באַווייזט אונז, מיט וואָס פאַר אַן אינטענסיווער אָנגעשטרענגטקייט עס האָט ביי זיי דער אינסטינקט פון נאַציאָנאַלער דערהאַלטונג געאַרבעט, ער זאָל די וועגן און מיטלען געפינען, דורך וועלכע ער זאָל זיין צוועק קענען דערגרייכן. דאָס באַווייזט אונז, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע קראַפט פון ווידערשטיין קעגן דעם אַסימילירנדן איינפלוס פון דער סביבה די גולים האָבן פאַרמאָגט.

אַ צווייטע אינטערעסאַנטע איינצלהייט איז דאָס, וואָס ווערט דאָרטן דערציילט וועגן איינער פון די כהנים משפּחות, וועלכע איז צו די עולים צוגעשטאַנען. מען האָט געפאָדערט פון זיי — פון די מיטגלידער פון דער משפּחה — זיי זאָלן צושטעלן באַווייזן, אַז זיי שטאַמען מזרע אהרן. „האָבן זיי געזוכט זייערע יחוס בריוו און ניט געקענט געפינען זיי, און מען האָט זיי צוליב דעם פון דער כהונה דערוויטערט.״ אויך דער דאָזיקער פאַקט איז פון גרויס באַ־דייטונג פאַר אונז. ער באַווייזט אונז, אויף וואָס פאַר אַ הויכער מדרגה די אידישע טהרת המשפּחה איז אין בבל געשטאַנען.

י"ד

# די „עולים" אין ירושלים

דער מאַרש פון די עולים קיין ארץ ישראל. — צוואַנציק־דרייסיק פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין בבל האָבן זיך קיין ארץ ישראל אוועקגעלאָזט. — ווי א וואונדערליכער חלום האָט זיי זייער צוריקקער קיין ארץ ישראל אויסגעזען. — די געמישטע געפילן פון פרייד און טרויער, וואָס האָט זייער האַרץ אָנגעפילט, ווען זיי זיינען קיין ארץ ישראל אָנגעקומען.

ארום חודש ניסן פון יאָר 606 פאַרן צווייטן חורבן — 536 פאַר דעם נייער ציימרעכנונג — ארום זעלבן חודש, ווען עס איז אין לעבן פון אידישן פאָלק מיט קאַרגע טויזנט יאָר צוריק דער גרויסער יציאת־מצרים־מאָמענט פאָרגעקומען, ווען די אין מצרים פאַרשקלאַפטע אידישע מאַסן זיינען אין א פריי פאָלק פאַרוואַנדלט געוואָרן, ווען פון די דיסאָרגאַניזירטע צעוואָרפענע אידישע שבטים, באַזונדער־לעבנדע אידישע פאַמיליעס, איז א פאַראייניקטע נאַציע געוואָרן, האָבן די גולים אויף דעם פופציקסטן יאָר פון זייער פאַרטריבן ווערן אהין פאַרלאָזט בבל און געלאָזט זיך גיין צום לאַנד פאַר וועלכן זיי האָבן אזוי פיל גליענדע ליבע און אזוי פיל נשמה־בענקשאַפט פאַרמאָגט.

און, ווי מיר האָבן שוין אין פאַריקן קאַפּיטל אָנגעוויזן, איז געווען די צאָל פון די עולים ארום דריי און פערציק טויזנט.

און אויבנאויף, פאַר זיך באַזונדער גענומען, שיינט, אמת, די דאָזיקע צאָל ניט זייער קיין גרויסע צו זיין.

ווען מען רעדט פון א גרויסער פאָלקס־באַוועגונג, ווען מען רעדט פון א באַוועגונג, וואָס האָט זיך אין א משך פון אזוי פיל יאָרן מיט אזוי פיל באַגייסטערונג, מיט אזוי פיל ענטוזיאַזם פון פאָלקס־שיכטן געשפּזייט, איז די צאָל צוויי און פערציק טויזנט ווירקלעך ניט קיין גרויסע.

און פילע קענער פון ציוניזם פלעגן זיך טאַקע אָפטמאָל מיט אַט דעם פאַקט באַנוצן צו שלאָגן קאַפּיטאַל פון אים פאַר זייערע

אנטי־ציוניסטישע צוועקן. זיי פלעגן אונז פארזיכערן, אז דער ציוניזם איז ניט קיין פאלקס־באוועגונג, נאר א סעקטעריאנישע, אז אין די „ממעמקים" פון דער פאלקס־נשמה איז ניטא קיין פלאץ פאר די ציוניסטישע שטרעבונגען, אז דאס אלעס איז נאר דער סענטימענט פון א טייל פון דער א י ד י ש ע ר אינטעליגענץ. זיי פלעגן ארגומענטירן מיט אונז, אז דער ציוניסטישער אידעאל האט קיינמאל ניט פארנומען קיין באדייטנדע ערא אין אונזער פאלקס־פסיכיק, אז ער האט קיינמאל ניט פארמאגט דעם כאראקטער פון אן אידעאל, וואס פאראייניקט דאס גאנצע פאלק אונטער זיין פאן. און אלס באוויז דערויף האבן זיי אונז געבראכט אט יענעם פאקט, וואס נאר צוויי און פערציק טויזנט פערזאן האבן זיך געפונען צווישן די גולי בבל, וואס האבן זיך אפגערופן אויף דעם דעקרעט פון כורש מלך פרס, וועלכער האט זיי געגעבן די דערלויבעניש צוריקצוקערן זיך קיין ארץ־ישראל. טראץ דעם, וואס עס זיינען ערשט קנאפע פופציק יאר אוועקגעגאנגען זינט זיי זיינען פון זייער לאנד פארטריבן געווארן, טראץ דעם, וואס עס האט נאך אין יענעם דור אזוי פריש געדארפט זיין אין זכרון זיינעם די פארשטעלונג וועגן ארץ־ישראל אלס דאס לאנד פון אידישן פאלק, טראץ אויך דעם, וואס עס האבן זיך נאך אין יענעם דור אזוי פיל מענטשן געפונען, וועלכע האבן דאס לאנד מיט זייערע אייגענע אויגן געזען און דארטן זייער קינדהייט און יוגנט פארבראכט — טראץ דעם אלעם האבן זיך ניט מער ווי צוויי און פערציק טויזנט פערזאן געפונען, וואס דער כורש דעקרעט האט ביי זיי אין הארצן באגייסטערונג ארויסגערופן, זיי זאלן באוויליקן דעם גלות פארלאזן און אין זייער אייגן לאנד זיך אומקערן.

דאס אלעס אבער איז ריכטיק טאקע נאר ווען מען נעמט די גאנצע זאך נאר אויבערפלעכלעך. ווען מען טראכט זיך אבער אריין אביסל מער אין ענין, באקומט זיך דאן גאר אן אנדער בילד.

ווי קליין די צאל פון צוויי און פערציק טויזנט זאל ניט אויס־זען, ווען מען רעדט פון אזא פאל אין אלגעמיין, ווען מען רעדט בכלל וועגן א גרויסער פאלקס־באוועגונג, איז זי אבער געוואלדיק גרויס, אין באצוג צו אט דעם ספעציעלן פאל.

ווארים מען באדארף ניט פארגעסן, אז די צאל פון דער גאנצער אידישער באפעלקערונג אין בבל צו יענער צייט איז געווען ניט מער

ווי אַ צוויי הונדערט טויזנט, העכסטנס האָט זי געקענט זיין אַ דריי הונדערט טויזנט. די צוויי און פערציק טויזנט „עולים" האָבן אַלזאָ אויסגעמאַכט אַ צוואַנציק־דרייסיק פּראָצענט פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג, וואָס איז ווירקליך אַ געוואַלדיק גרויסער פּראָצענט.

און דערצו נאָך באַדאַרף נאָך אויך גענומען ווערן אין אָנבאַטראַכט די אויסערגעוויינלעכע גינסטיקע מאַטעריעלע לאַגע, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען די אידישע באַפעלקערונג פון בבל. יעדער איינער פון די עולים האָט געמוזט מיט זיין פאַרלאָזן בבל גרויסע מאַטעריעלע קרבנות ברענגען.

ווען מיר האָבן, אַלזאָ, אַט די אַלע אומשטענדן פאַר אונזערע אויגן, ווערט אונז קלאָר, אַז נאָר אויסערגעוויינלעך גרויסע באַגייסטערונג פאַר אַן אידעאַל, אַז נאָר אַן אויסערגעוויינלעך גרויסער ענטוזיאַזם פון די אַלע ברייטע פאָלקס־שיכטן האָבן געקענט מעגלעך מאַכן, אַז די אידישע באַפעלקערונג פון בבל זאָל פון זיך אַזאַ גרויסע אויסוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל אַרויסגעבן.

---

אויסער די קנעכט זייערע און פיל גאָלד און זילבער, אייגנס און פרעמדס, וואָס כורש האָט זיי מיטגעגעבן און וואָס עס האָבן זיי מיטגעגעבן פילע פון זייערע ברידער, וואָס זיינען אין בבל געבליבן, האָבן די עולים געפירט מיט זיך אויך פיל פון פאַרשיידענע מינים פי אין דער צאָל פון אַכט טויזנט הונדערט זעקס און דרייסיק, און זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין אין דער באַגלייטונג פון פילע פון זייערע ברידער, וואָס זיינען אין בבל געבליבן.

און אויסער אָט די באַגלייטער, וואָס זיינען זיי נאָר אַ שטרעקע פון זייער וועג נאָכגעגאַנגען, האָבן זיי געהאַט נאָך באַגלייטער, וואָס האָבן זיי אויף דעם גאַנצן וועג באַגלייט. כורש האָט מיטגעשיקט מיט זיי טויזנט רייטער, זיי זאָלן אַכטונג געבן, אַז די ווילדע שבטים, דורך וועלכע זיי וועלן פאַרבייגיין, זאָלן איבער זיי ניט מאַכן קיין איבערפאַלן.

די עולים האָבן זיך אין וועג געלאָזט מיט געזאַנג און מוזיק און די לויים און משוררים האָבן פאַרשיידענע אַלטע און נייע מזמורים געזונגען, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן און פאַרענדיקט מיט די

ווערטער פון „הודו לה׳ כי טוב, כי לעולם חסדו“. אין פאַרבינדונג מיט יענעם גרויסן מאָמענט אין דער אידישער געשיכטע געפינען זיך זייער פיל קאַפּיטלעך אין „תהלים“. אין די דאָזיקע קאַפּיטלעך תהלים שפּיגלען זיך אָפּ די שטימונגען און די איבערלעבונגען, פון וועלכע די אידן אין בבל זיינען אין יענעם מאָמענט באַהערשט געווען.

אין איינס פון די דאָזיקע קאַפּיטלען, וואו עס ווערן די דאָזיקע שטימונגען און איבערלעבונגען אַמשטאַרקסטן און פולסטן איבער־געגעבן, איז דאָס קאַפּיטל קכ״ו.

„ווען גאָט האָט — ווערט דאָרט געזאָגט — אומגעקערט צוריק די געפאַנגענע פון ציון, זיינען מיר ווי טרוימענדע געווען. עס איז פול געוואָרן דעמאָלט מיט געלעכטער אונזער מויל. און אונזער צונג מיט געזאַנג. מען האָט דאַן געזאָגט צווישן די פעלקער: גאָט האָט זייער גרויסעס געטאָן מיט די דאָזיקע. גאָט האָט זייער גרויסעס געטאָן מיט אונז. מיר זיינען פריילעך געווען. ברענג (גיך צוריק) אונזער געפאַנגענשאַפט ווי (גיך עס טראָגט זיך) אַ שטאַרקער ווינט אין דער מדבר. די וואָס האָבן געזייט מיט טרערן, וועלן שניידן מיט גע־זאַנג. ער גייט און וויינט דער וואָס טראָגט די קערנדלעך פון דער זריעה. ער וועט אָבער קומען (אַהיים) מיט געזאַנג, ווען ער וועט טראָגן זיינע גאַרבן“*).

אַ גרויסע פרייד האָט זיך צעגאָסן אין די הערצער פון די עולים יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן זיך דערמאָנט, אז אָט באַלד וועלן זייערע פיס טרעטן אויף דער ערד פון דעם לאַנד, נאָך וועלכן זיי האָבן אַזוי זייערע נשמות אויסגעבענקט. און צייטנווייז האָט זיי די גאַנצע זאַך נאָר ווי אַ וואונדערבאַרער חלום אויסגעזען. זיי האָבן דער ווירקלעכ־קייט ניט געטרויט. זיי האָבן זייערע אויגן ניט געגלויבט. שוין זשע זיינען זיי אַזוי גיך אויף אַזאַ וואונדערבאַרן אופן אַלע זייערע חלומות און האָפענונגען מקויים געוואָרן? שוין זשע זיינען זיי שוין פון גלות באַפרייט געוואָרן און זיי וועלן זיך באַלד אויף דעם באָדן פון

*) בשוב ה׳ את שבות ציון היינו כחולמים. אז ימלא שהוק פינו ולשוננו רנה. אז יאמרו בגויים הגדיל ה׳ לעשות עם אלה. הגדיל ה׳ לעשות עמנו — היינו שמחים. שובה ה׳ את שבותנו כאפיקים בנגב. הזורעים בדמעה — ברנה יקצרו. הלוך ילך ובכה נשא משך הזרע. בא יבא ברנה נושא אלומותיו.

זייער פאַרלאָזטן און וויסטן לאַנד געפינען? איז דאָס אַלעס ווירקלעך, ניט קיין חלום נאָר?

און ניט ווייניקער ווי די אידישע וועלט איז מיט שטוינונג און אַנטציקונג פאַר דער וואונדערבאַרער פאַרווירקלעכונג פון די אידישע האָפענונגען געשטאַנען, איז די ניט אידישע וועלט מיט פאַר־גאַפונג פאַר דעם אַלעם געשטאַנען. דאָס וואונדערבאַרע קליינע פאָלק איז דער צענטער פון אויפמערקזאַמקייט פאַר איר געוואָרן. זיינען דאָך טאַקע זיינע האָפענונגען, אין וועלכע עס האָט זיך מיט אַזאַ איינגעשפאַרטקייט איינגעקלאַמערט, מקויים געוואָרן. האָט דאָך דער גאָט זיינער, אויף וועלכן עס האָט זיך מיט אַזוי פיל זיכערקייט און פעסטקייט פאַרלאָזט, ווירקלעך גרויסע נסים מיט אים געטאָן.

---

דער מאַרש פון די עולים פון בבל קיין ארץ־ישראל האָט געדויערט אַ פינף־זעקס חדשים.*) אַרום תשרי פון זעלבן יאָר, וואָס זיי האָבן בבל פאַרלאָזט, זיינען די גולים אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. עס איז ענדלעך דער מאָמענט געקומען, ווען די צויבערפולע וויזיאָנען, וואָס צוויי דורות גאַנצע האָבן זיי שטענדיק פאַר זייערע אויגן שוועבן געזען, זיינען אַ רעאַליטעט געוואָרן. עס איז מקויים געוואָרן גאָטס וואָרט, מיט וועלכן ער האָט זיי דורך זיינע נביאים געטרייסט. נאָך אַזוי פיל יאָרן פון בענקעניש נאָך דעם פאַרלאָרענעם פאָטערלאַנד זייערן, שטייען זיי יעצט ווידער אויף דעם באָדן זיינעם.

די פאַרווירקלעכונג פון זייערע האָפענונגען האָט זייער האַרץ מיט פיל פרייד גרויסער אָנגעפילט. עס האָבן זיך אָבער אין דער גרויסער פרייד אויך פילע טראָפּנס פון גרויסן טרויער געפונען. איי־דער זיי האָבן זיך מיט דעם חורבן פון אידישן לאַנד באַגעגנט, איז ביי זיי דער דאָזיקער חורבן, ווי אַ מין אַבסטראַקטע זאַך געווען. זיי האָבן אים ניט דורכגעלעבט און דורכגעפילט. די גרויסע פרייד זייערע

---

*) אין עזרא ג׳ לייענען מיר: „ויגע החודש השביעי ובני ישראל בערים״... דאָס מיינט אָבער ניט, אַז דער פּסוק דערציילט אונז, אַז ערשט צו ענדע פון זעקסטן חודש זיינען די אידן אָנגעקומען קיין ארץ ישראל. ער דערציילט נאָר, אַז די אידן וואָס האָבן זיך צעשפּרייט געפינען ביים אָנקומען פון זיבעטן חודש אין די פאַרשיידענע שטעט פון ארץ ישראל, האָבן זיך אַלע צונויפגעזאַמלט קיין ירושלים.

דערויף, וואָס אָט באַלד וועט זייער באַגער דערפילט ווערן, וואָס אָט באַלד וועלן זיי די חורבות פון ירושלים ווידער אויפבויען אָנהויבן, האָט אינגאַנצן זייער האַרץ באַהערשט און עס איז אין דעם קיין פלאַץ ניט געבליבן פאַר אַ געפיל פון טרויער פאַר דעם דערוויילעקן חורבן אירן. אַנדערש איז דאָס אָבער געווען איצט, ווען זיי האָבן פאַר זייערע אויגן דערזען דעם גרויסן און שרעקלעכן חורבן פון דער הייליקער שטאָט ירושלים, וואָס איז אין אַ משך פון אַזוי פיל יאָר דער אָביעקט פון זייער בענקען און טרוימען געווען. עס איז זייער האַרץ אין גרויסן טרויער איינגעהילט געוואָרן, ווען זיי האָבן דערזען פאַר זיך דעם חורבן פון ירושלים און דעם חורבן פון פילע אַנדערע שטעט פון לאַנד. עס איז זייער האַרץ אין טרויער איינגעהילט געוואָרן, ווען זיי האָבן דערזען, אַז אויך דער טייל פון לאַנד, וואָס איז ניט חרוב געוואָרן, איז פון פרעמדע עלעמענטן באַוואוינט געווען. זיי האָבן פאַרשטאַנען און געפילט, אַז עס וועט זיי אויסקומען פיל צרות אויסצושטיין פון די דאָזיקע עלעמענטן, אַז ניט אַזוי גיך און גרינג וועלן זיי קענען צוריק אָפּנעמען דעם באָדן, וואָס יענע האָבן פאַרכאַפּט. זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר אַ שנאה־קנאה געפיל מצד די שכנים זייערע, וואָס זאָל זיי דיקטירן רשעות זיי אָנצוטאָן.

ווי גרויס עס איז אָבער דער טרויער זייערער ניט געווען, איז ער דאָך אָבער ניט אין קיין פאַרצווייפלונג פאַרוואַנדלט געוואָרן פאַר זיי. זיי האָבן געהאָפט און געגלויבט, אַז עס וועט זיך זיי נאָך איינגעבן צו זען דעם גאַנצן באָדן פון זייער לאַנד פון די פרעמדע עלעמענטן באַפרייט. האָבן זיי דען געהאַט אַן אורזאַך פאַרצווייפלט צו זיין, ווען זיי האָבן געזען, אַז גאָט האָט שוין אַזוי פיל פון די גאולה הבטחות מקיים געווען. האָבן זיי דאָך געזען די גרויסע זון, וואָס האָט אָנגעהויבן זייער לעבן צו באַשיינען. פאַרוואָס, אַלזאָ, זאָלן זיי ניט גלויבן, אַז עס וועלן אויך גאָר גיך פאַרשווינדן פון איר די איינציקע פלעקן, וואָס זעעז זיך נאָך אויך איצט אין איר.

ט״ו

# די עולים לייגן דעם פונדאַמענט פון צווייטן בית המקדש

די אידישע איינוואנדערונג קיין ארץ ישראל ווערט פאַרטגעזעצט אויך נאָכדעם, וואָס די עולים פון בבל זיינען שוין געהאט געקומען אַהין. — פון פאַר־שיידענע ערטער זיינען די „נדחי ישראל״ געקומען אהין. — די גרופירונג פון די עולים ארום ירושלים. — דער דערוויילוקער מזבח, וואָס די עולים האָבן אויפגעשטעלט. — די גוואַלדיקע פרייד, וואָס האָט באהערשט די אידישע באַפעלקערונג ווען עס האָבן זיך מיט א שטיקל צייט שפּעטער אָנגעהויבן די הכנות פאַר דעם בויען פון בית המקדש. — די אימפּאָזאַנטע צערעמאָניע ביים לייגן דעם פונדאַמענט. דער ספּאָנטאַנער אויסברוך פון געוויין. — די שנאה קנאה געפילן פון די פרעמדע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס האָבן זיך אין ארץ ישראל געפונען צו די עולם. — די הויפּט שונאים — די שומרונים ; שווערע שטיינער אויף דעם גאולה וועג.

נאָך מער געטרייסט האָבן זיך די עולים געפונען פון דעם גרויסן טרויער, וואָס האָט זייער האַרץ אָנגעפילט, צוזעענדיק אין וואָס פאַר א שרעקלעכן חורבן זיי האָבן זייער לאַנד געטראָפן, נאָך מער איז זייער מוט געשטאַרקט געוואָרן, דורך דער וואונדערבאַרער דער־שיינונג וואָס זיי האָבן באַלד פאַר זייערע אויגן דערזען, דורך דעם וואָס די איינוואַנדערונג קיין ארץ ישראל איז פאָרטגעזעצט געוואָרן אויך נאָך דעם, וואָס די עולים זיינען אהין אָנגעקומען.

פון מזרח און פון מערב, פון דרום און פון צפון האָבן זיך מחנות פון אידישע עמיגראַנטן קיין ארץ ישראל געצויגן. פון די פאַרוואָרפנסטע ווינקלעך אין די פאַרשיידנסטע לענדער, וואו עס האָבן זיך נאָר דאָרטן די „נדחי ישראל״ געפונען, האָבן זיך באַ־דייטנדע שטראָמען אין הייליקן לאַנד געטראָגן. אויך פילע פון די אידן ,וואָס האָבן זיך אין די ווייטע גריכישע אינזלען געפונען, פון די, וואָס האָבן זיך דאָרטן מיט זייער איינגענעם ווילן באזעצט, ווי אויך פון די, וואָס זיינען אהין פאַר קנעכט פאַרקויפט געוואָרן, האָבן זייערע היימען פאַרלאָזט און קיין ארץ ישראל אויסגעוואַנדערט.

און ניט אליין זיינען זיי אהין געקומען. ארום זיי האָבן זיך אויך פילע ניט־אידישע עלעמענטן קאָנצענטרירט און זיי זיינען צו־

זאַמען מיט זיי קיין ארץ ישראל געגאַנגען. די דאָזיקע עלעמענטן זיינען צוגעשטאַנען צום אידנטום. זיי האָבן דעם אל אלקי ישראל אָנערקענט און האָבן געגומען ווי כשרע און פרומע אידן זיך פירן. און דעריבער האָבן די אידן זיי איבעראַל מיט פרייד אין זייערע אָרימס אויפגענומען.

די נבואות וואָס מיר געפינען אינם צווייטן טייל פון ישעיה:
„און זיי וועלן ברענגען אַלע אייערע ברידער א מתנה צו גאָט אויף פערד און אויף אייזלען און רייטוועגען צום הייליקן באַרג מיינעם קיין ירושלים, האָט גאָט געזאָגט, ווי די אידן ברענגען די מנחה אין א ריינער כלי אין הויז פון גאָט"; „הויב אויף דיינע אויגן ארום און זע. זיי האָבן זיך אַלע צענויפגעזאַמלט און געקומען צו דיר"; „איך וועל אויפהויבן צו די נאַציאָנען מיין האַנט און צו די פעל־קער מיין פאָן און זיי וועלן ברענגען דיינע זין אין זייערע אָרימס און דיינע טעכטער וועלן אויף די אַקסלען געטראָגן ווערן, און זיי וועלן זיין די מלכים דערציער ביי דיר און זייערע פרינצעסינס דיינע אַמען" — די דאָזיקע אַלע נבואות זיינען ניט נאָר פאַנטאַסטישע זעאונגען געווען פון א נביא, ווען ער האָט זיך אין פּאָעטישן עקסטאַז געפונען: דער הויפט אינהאַלט וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין די דאָזיקע נבואות, איז פון דעם דאַמאָלדיקן רעאַלן לעבן גענומען. די דאָזיקע אַלע נבואות זיינען נאָר פּאָעטיש פאַרגרעסערטע שילדע־רונגען פון אין דער ווירקלעכקייט געשעענע פאַקטן.

---

צוליב דעם וואָס די עולים זיינען אין אבסאָלוטן זין ווינציק אין צאָל געווען, האָבן זיי זיך ניט געקענט פאַרשפּרייטן איבער דעם גאַנצן לאַנד. זיי האָבן זיך דעריבער גרופּירט אַלע ארום דער הויפּט־שטאָט ירושלים, וואָס דאָס האָט זיין גוטע ווירקונג געהאַט אין דעם זין, וואָס דורך דעם איז מעגלעך געוואָרן פאַר די עולים, זיי זאָלן קענען אַלע פאַר די שטאָט־אינטערעסן זאָרגן, זיי זאָלן קענען אַלע אַן אַקטיוון אָנטייל אין איר לעבן נעמען.

און ווען דער זיבעטער חודש, דער חודש תשרי,*) איז געקומען „האָט זיך דאָס גאַנצע פאָלק ווי איין מענטש קיין ירושלים פאַר־

*) אין 536 פאַר דער קריסטלאַכער צייטרעכנונג. אין 605טן יאָר פאַר דעם חורבן בית שני.

זאמלט", און אונטער דער אָנפירונג פון זיינע צוויי פירער, זרובבל בן שאלתיאל און ישוע בן יוצדק האָבן זיי א מזבח אויפגעשטעלט „צו מקריב זיין אויף אים די קרבנות, לויט ווי עס איז געשריבן אין דער תורה". עס איז אוממעגלעך געווען פאר זיי זיך צו נעמען באלד פאר דעם בויען פון בית המקדש, האָבן זיי זיך דעריבער באגנוגנט דערמיט, וואָס זיי האָבן דערווייל א מזבח אויפגעשטעלט, און מיט געזאנג און מיט פיל פרייד איז דער דאָזיקער ערשטער טריט זייערער אויף דעם וועג פון זייער אויפבויען די חורבות פון ירושלים געטאָן געוואָרן.

נאָך מער האָט זיך אָבער די פרייד צווישן די עולים פארגרעסערט, ווען עס האָבן זיך באלד די הכנות אָנגעהויבן פאר דער ארבעט פון בויען דעם בית־המקדש. די עולים האָבן פיל געלט זיך געלאָזט קאָסטן און געדונגען ארבעטער פארשיידענע פון צור און צידון, זיי זאָלן ברייננגען פאר זיי די בעסטע צעדער בוימער פון וואלד לבנון, צו בויען פון זיי דעם בית המקדש, און זיי האָבן געדונגען נאָך אנדערע ארבעטער, זיי זאָלן האקן שטיינער פאר זיי פון די בערג. און אין צווייטן חודש, אין דעם חודש אייר פון צווייטן יאָר וואָס זיי זיינען געקומען קיין ירושלים, זיינען זיי צוגעטראָטן צו דער ארבעט פון לייגן דעם פונדאמענט.*)

---

*) אין יאָר 605 פאר דעם חורבן בית שני. אין יאָר 535 פאר דער אלגעמיינער צייטרעכענונג.

אין עזרא ווערט געזאָגט : „ובשנה השנית לבואם אל בית האלהים לירושלים, בחודש השני, החלו זרובבל בן שאלתיאל, וישוע בן יוצדק, ושאר אחיהם הכהנים והלוים, וכל הבאים ירושלים, ויעמידו את הלוים מכן עשרים שנה ומעלה לנצח על מלאכת בית ה'". דאָ ווערט אזוי ארום דערציילט, אז אויפן צווייטן יאָר זינט זיי — די עולים — זיינען געקומען צום הויז פון גאָט, קיין ירושלים, זיינען זיי צום בויען פון בית המקדש צוגעטראָטן. און ווי באַלד אזוי באדארף מען אָנעמען, אז ניט אין 605־535 פאר דער אלגעמיינער צייטרעכנונג — נאָר אין יאָר 604—534 פאר דער אלגעמיינער רעכנונג — פאר דעם צווייטן חורבן איז דער דאָזיקער מאָמענט געווען.

ווארום ווי באלד, אז מיר נעמען אָן, אז דער תשרי, אין וועלכן זיי זיינען שוין געווען פארזאמלט אין ירושלים — אָנגעמענדיק, אז דאָס יאָר אין דעם פאַל הויבט זיך אָן רעכענען פון תשרי, ניט פינקטלאך פון דעם מאָמענט, וועלכער האָט פארצייכנט דאָס געפינען זיך פון די עולים אין ירושלים — דער אונטערשייד

**די דאָזיקע צערעמאָניע איז מיט גרוים פּאַראַד דורכגעפירט געוואָרן, און עס האָבן זיך אין איר באַטייליקט נישט נאָר די פירער**

---

קען באַשטייען אין עטלאַכע טעג נאָר, אדער, העכסטנס, אין א וואָך אדער צוויי, אַזוי, אַז אָט דער פּונקט איז לא מעלה ולא מוריד בנוגע דער שקלא וטריא, וואָס איך פיר דאָ אָן — דער תשרי, מיט וועלכן עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס 605טע יאָר פאַר צווייטן חורבן, אז דער דאָזיקער תשרי איז דער ערשטער חודש פון ערשטן יאָר, וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין פּסוק, האָט דאָך פון דעם תשרי ביז צום חודש אייר פון צווייטן יאָר פון דאָזיקן דאַטום גאַנצע אָנדערטהאַלבן יאָר געמוזט אַוועקגיין.

פון דער צווייטער זייט אָבער איז צו זען פון דעם, וואָס עס ווערט אין די פריער־דיקע פּסוקים דערציילט, אַז דאָס צוטרעטן צום בויען דעם בית המקדש איז פאָר־געקומען אין דעם זעלבן יאָר, ווען זיי האָבן דעם מזבח, וואָס זיי האָבן צוערשט אויפגעשטעלט — באַנייט.

מען קען אבער אָננעמען, אז דער בשנה השנית פון אויבן ציטירטן פּסוק מיינט כלל נישט, אז אין דעם תשרי, וואָס איז געווען פאַר אָט יענעם בחודש השני, וואָס ווערט צוזאמען מיט דעם בשנה השנית דערמאָנט אין געבראַכטן דאָ פּסוק, איז שוין ווירקלאַך א גאַנץ יאָהר פאַרבייגעגאַנגען פון דעם מאָמענט אָן, ווען די גולים זיינען געקומען קיין ירושלים, נאָר דאָס צווייטע יאָר פון דעם יאָר, אין וועלכן זיי זיינען אַהין געקומען. לויט דעם פּרינציפּ פון „יום אחד בשנה נחשב כשנה" — א פּרינציפּ, וואָס איז פון גאָר גרויס באַדייטונג פאַר דעם צוועק פון נישט פילן זיך פאַרפּלאָנטערט אין די אויסרעכנונגען פון די יאָרן, ווען מען באַדאַרף די כראָ־נאָלאָגיע פון א געוויסער פּאַסירונג פאַרבינדן מיט דער כראָנאָלאָגיע פון אַן אנדערער — א פריערדיקער אדער א שפּעטערדיקער פּאַסירונג — רעכנט דער שרייבער דעם תשרי, וועלכער האָט באַגעגנט די גולים פאַרזאַמלט שוין אין ירושלים אלס דעם אָנהויב פון א צווייטן יאָר אין לעבן פון אָט דער פּאַסירונג, לויט וועלכער ער באַשטימט די כראָנאָלאָגישע דאַטן, מיט וועלכן ער אָפּערירט. צוליב די עטלאַכע טעג אָדער פאָר וואָכן, אין וועלכע זיי האָבן זיך שוין געהאַט געפונען פאַרזאַמלט, ווען אָט דער תשרי איז געקומען, שטעלט ער אויף דעם חשבון פון דעם דאָזיקן מאָמענט א גאַנץ יאָר לעבן.

איך וויל דאָ נאָך אויך דאָס צוגעבן, אז מיינע כראָנאָלאָגישע דאַטומס, וואָס איך גיב דאָ אָן, זיינען באַזירט אויף דער הנחה, אז ניין און פערציק יאָר — דאָס ערשטע יאָר הויבט זיך אָן רעכענען פון דעם תשרי, וואָס איז נאָך דעם חורבן געווען — זיינען די אידן געווען אין גלות אין בבל און אויפן 50טן יאָר האָט כורש זיין דעקלאַראַציע וועגן דער באַפרייאונג פון די גולים אַרויסגעגעבן, און אויף דער באַהויפּטונג פון די חז"ל, אז דאָס אַרויסגעבן פון דער דעקלאַראַציע און דאָס אומקערן זיך פון די אידן קיין ארץ ישראל — לויט זיי נאָך איז אויך דאָס אָפּשטעלן פון בויען דעם בית המקדש אין דעם זעלבן יאָר פאָרגעקומען — אז דאָס אלעס איז אין איין יאָר פאָרגעקומען.

זרובבל און ישוע, נאָר אויך די אלע פארשיידענע פאמיליען־פאַר־שטייער. „די כהנים האָבן זיך פאר דעם פאָלק באוויזן פארפוצט

---

און צו זייערע צייט אויסרעכנונגען זיינען אין אלע הונדערט פראָצענט ריכטיק, אָדער זיי זיינען ניט פינקטלאך אין א יאָר אָדער צוויי אדער דריי איז ניט וויכטיק. די הויפט זאך איז, אויב זיי קענען קאָאָרדינירט ווערן אין אן אויסגעהאלטן, איינהייטלאך סיסטעם, אויב עס איז זיין זיי אליין קיין אייגענע, אינערלאכע ווידערשפרוכן, קיין „מגיה וביה״ סתירות ניט פאַראַן. און אין איצטיקן פאַל איז הויפטזעכלאך וויכטיק פאר אונז דער פאָלגנדער פונקט : צי קענען זיי יאָ אדער קענען זיי ניט אין הארמאָניע געבראכט ווערן מיט די דאטומס פון תנ״ך, מיט וועלכע זיי שטייען אין שייכות, צי מיר קענען געהאָלפן ווערן דורך זיי — אָט יענע תנ״ך דאטומס אין געהעריקער קאָאָרדינירונג ברענגען.

ווארום אויך בנוגע די דאטומס פון תנ״ך, מיט וועלכע עס קומט אונז אויס צו האַנדלען ביים באשטימען די ריכטיקע צייט פון די אדער יענע פאַסירונגען, אויף וועלכע די דאָזיקע דאטומס באציען זיך, באשטייט ניט דאָס פראָבלעם צו עס איז אין זיי אויף א פאָר קליינע יאָר קיין חסיר ויתיר ניט פאראן, צי זיי שטימען אין אלע הונדערט פראָצענט מיט די ציפערן, וואָס ווערן אונז אָנגעגעבן פון אנדערע — אלגעמיינע — קוועלן, נאָר אין דעם, צי זיי שטימען מיט זיך אליין, צי עס איז אין זיי אייגענער שלום בית פאראן, צי פון די פארשיידענע דאטומס, וואָס ווערן אָנגעגעבן אין תנ״ך פאר פארשיידענע פאַסירונגען וואקסט קיין סתירה ניט ארויס צווישן איין דאטום און דעם אנדערן. אויך דאָ איז די הויפט זאך פאר אונז אויסצוגעפינען, צי זיי קענען קאָאָרדינירט ווערן אין אן אויסגעהאלטן, איינהייטלאך סיסטעם, צי עס זיינען אין זיי קיין אינערלאכע, אייגענע סתירות ניט פאראן, צי מען קען אין זיי אינערלאכע הארמאָניע קאָנסטאַטירן. אויב — אדער : דארטן וואו — אָט די אלע פראגן קענען אויף א פאָזיטיוון וועג געענטפערט ווערן באדארפן מיר זיך האלטן אין די כראָנאָלאָגישע דאַטן, וואָס דער תנ״ך גיט אונז, אין אָט יענע אלע פעלע, וואו עס האַנדלט זיך אין א קליינעם אונטערשייד. עס וועט דער געשיכטע, חלילה, קיין בייז געשען, ווען מיר וועלן איבערגעבן בבל אין כורשס הענט, אָדער, אויב מיר וועלן אים מאכן ארויסגעבן די דעקלאַראַציע זיינע וועגן דער באַפרייאונג פון די גולי בבל — מיט א יאָר פריער אדער מיט א יאָר שפעטער. מיר באדארפן דאָס טאָן ניט נאָר צוליב דעם, וואָס, ווען עס האנדלט זיך וועגן אן אונטערשייד וועגן איין אדער צוויי־דריי יאָר קען מען מיט דעם זעלבן רעכט אן אפיקורסישע באציאונג האָבן בנוגע די דאַטן פון די אנדערע קוועלן, וואָס מען האָט אויף אַזאַ באציאונג בנוגע די דאַטן פון תנ״ך, נאָר הויפט־זעכלאך, פשוט, פון באקוועמלאכקייט וועגן, כדי מיר זאָלן ניט בלייבן אויסער די ראַמען פון דעם קאָאָרדינירטן, איינהייטלאכן כראָנאָלאָגישן סיסטעם פון תנ״ך, כדי דער ריכט־שנור אין דעם באשטימען פון דעם כראָנאָלאָגישן סדר פון די פאַסי־רונגען, וועגן וועלכע מיר שרייבן, זאָלן אין הארמאָניע זיין מיט דעם ריכט־שנור אונזערן פון דער באשרייבונג פון די פאַסירונגען אליין, זיי זאָלן דאָ ווי דאָרטן לויט דעם טעקסט פון תנ״ך זיך ריכטן, און אים זיין אָנהאלט האָבן.

אין זייערע בגדי כהונה און מיט די טרומייטן זייערע, אין די לוים האָבן געשפּילט אויף זייערע צימבלען און שירות ותשבחות צו גאָט געזונגען. און אויך דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיי מיטגעהאַלטן". זיי האָבן געדאַנקט און געלויבט גאָט אויף זיין גרויסן חסד, וואָס ער האָט מיט זיי געטאָן. מיט א לויב האָבן זיי געשאַלט צו אים דער־פאַר, וואָס עס איז דער פונדאַמענט פון דעם הויז פון גאָט געלייגט געוואָרן.

צווישן הילכיקן פרייד־לעכן שאַלן האָט זיך אָבער אויך א שטאַרק געוויין געהערט.

עס האָבן זיך צווישן די עולים פילע געפונען, וואָס האָבן נאָך דעם בית ראשון געדענקט. זיי האָבן אים אין זיין פולן פּראַכט און גלאַנץ געזען, און פאַרגלייכנדיק אין זייער געדאַנק דאָס שיינקייט און רייכקייט פון ערשטן בית המקדש מיט דעם געפּלאַנטן צווייטן בית המקדש, זיינען זיי אין א שווערן טרויער ארייננעפאַלן און זיי האָבן אין א גרויס געוויין אויסגעבראָכן.

„און פילע", ווערט אונז אין עזרא דערציילט וועגן דעם, „פון די כהנים און לוים און די אַלטע ראשי האבות, וואָס האָבן געזען דעם ערשטן בית־המקדש האָבן אויף א גרויס קול געוויינט, ווען זיי האָבן געזען דעם פונדאַמענט פון דעם דאָזיקן בית המקדש לייגן".

„און מען האָט ניט געקענט אונטערשיידן צווישן דעם קול פון געוויין פון פאָלק און צווישן דעם פרייד־יקן שאַלן".

אין דעם דאָזיקן געוויין אָבער איז געווען נאָך עטוואָס מער, ווי נאָר דאָס, וואָס האָט אין אים פון אויבן אויף געשיינט צו זיין. עס איז אין אים אויך עטוואָס סימבאָלישעס געווען. דער דאָזיקער ספּאָנטאַנער אויסברוך פון געוויין איז ניט דורכאויס נאָר דורך דער־אינערונגען וועגן דער פאַרגאַנגענהייט א פאַראורזאַכטער געווען. עס איז אין אים אויך א רמז אויף דער צוקונפט געווען, אז די ארבעט זייערע פון בויען דעם בית המקדש וועט פילע שטרויכלונגס־שטיינער אויף איר וועג געפינען.

און ווירקלעך האָט עס זיך גאָר גיך ארויסגעוויזן, אז דער שרעק פון די עולים, וואָס האָט זיי באַלד ווי זיי זיינען אויף דעם באָדן פון ארץ ישראל ארויפגעטראָטן, אינסטינקטיוו דורכגענומען

פאר דעם שנאה־קנאה געפיל, וואָס קען זיך דערוועקן צו זיי אין די הערצער פון פילע פון די פרעמדע פעלקערשאַפטן, וואָס האָבן א גרויסן טייל פונם באָדן פון יהודה פארכאַפּט — איז ניט קיין פאַל־שער געווען. די לאַגע אין באצוג צו די באַציאונגען, וואָס האָבן געהערשט ביי די פרעמדע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס האָבן זיך אין ארץ ישראל געפונען, צו די עולים, איז מערקווירדיק ענלעך געווען צו דער איצטיקער. פונקט ווי עס געפינען זיך איצט פילע עלעמענטן צווישן דער אראבישער ארץ ישראל באַפעלקערונג וואָס העצן זייער פאָלק קעגן דער אידישער איינוואַנדערונג קיין ארץ ישראל, וואָס פארגינען ניט דעם אידישן פאָלק דאָס גליק א ניי לעבן ביי זיך אין אייגן לאַנד אָנהויבן צו פירן, אזוי האָבן אויך די פעלקערשאַפטן, וואָס די עולים האָבן אין און ארום דעם באָדן פון יהודה געטראָפן, ניט פארגונען דעם אידישן פאָלק זיין אויפגעריכט ווערן. זיי האָבן בעסער אויך אויף ווייטער דאָס לאַנד וויסט און פוסט געוואָלט זען, איידער צו זען, אז עס זאָל זיין אויפריכטונג און אויפלעבונג האַנט אין האַנט מיט דער אויפריכטונג און אויפלעבונג פון אידישן פאָלק גיין.

און אם ערגסטן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע בייזע געפילן צו די עולים, די שומרונים, אָדער ווי זיי ווערן אויך איצט גערופן די כותיים, וועלכע האָבן געוואוינט ביי די סאַמע גרענעצן פון לאַנד יהודה.

ווען שלמנאסר מלך אשור האָט באזיגט די מלוכה פון ישראל און די אידישע באַפעלקערונג פון דאָרטן נאָך אשור און נאָך מער ווייטערע געגענדן פארטריבן, האָט ער געבראַכט קיין שומרון און אומגעגנד פארשיידענע היידנישע עלעמענטן פון פארשיידענע לענדער. און דערפאר, וואָס זיי האָבן פאר גאָט קיין מורא ניט געהאַט, האָט ער אָנגעשיקט — ווערט אין תנ"ך דערציילט — אויף זיי לייבן און די לייבן האָבן פילע פון זיי אויסגעהרגעט. האָט דער מלך אשור געהייסן ברייננגען איינעם פון די כהנים, וואָס ער האָט פארטריבן קיין שומרון און ער האָט זיך באַזעצט אין בית אל און האָט זיי די תורה פון גאָט געלערנט. זיי — די „גרי־אריות" — ווי זיי ווערן אין תלמוד באַצייכנט — האָבן אָבער ווייניק דערפאָלג געמאַכט.

דאָס נייע גלויבן האָבן זיי נאָר לפּנים אָנגענומען. אינערלעך זיינען זיי אָבער געבליבן די זעלבע געצנדינער. יעדע באַזונדער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט נאָך אויך איצט פאַרגעזעצט צו דינען צו די אָפּגעטער, צו וועלכע זיי האָבן געדינט אין די ערטער, פון וואַנען זיי זיינען אַהער — קיין ארץ ישראל — געקומען. „ויהיו עושים גוי גוי אלהיו" — דערציילט דער תנ"ך: יעדער איינער האָט זיך זיין אייגענעם גאָט געמאַכט. „את ה' היו יראים ואת אלהיהם היו עובדים כמשפט הגויים אשר הגלו אותם משם". פאַר גאָט האָבן זיי מורא געהאַט און צו זייערע געטער האָבן זיי געדינט, ווי די אויפפירונג פון די פעלקער, פון וועלכע זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן.

און אַט אַזוי זיינען זיי שוין אויך אויף שטענדיק ניט מער, ווי נאָר האַלב־אידן געבליבן. און אויך דאָס זיין זייערס נאָר האַלב אידן איז ביי זיי נאָר אַן אויסערלעכע זאַך געווען. אָפּגעבנדיק זייער מס דעם אידישן גאָט, דעם גאָט פון נייעם לאַנד, אין וועלכן זיי האָבן געוואוינט, דערמיט וואָס זיי האָבן פאַר אים מורא געהאַט, האָבן זיי זיך שוין פון אַלע אַנדערע התחייבותן פריי געפילט. זיי האָבן דערמיט שוין זייערס יוצא געווען און האָבן זיך געפילט באַרעכטיקט שוין אין אַלעם איבעריקן פאַלשטענדיק געצנדינער צו זיין.

„ביז צו היינטיקן טאָג נאָך" שרייבט דער מחבר פון מלכים, די צוזאַמענשטעלונג פון וועלכן פאַלט אויס ניט מיט קיין פיל צייט פריער פון דער עפּאָכע וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ, „טוען זיי ווי די פריערדיקע פירונגען. זיי האָבן קיין מורא ניט פאַר גאָט און זיי פירן זיך ניט לויט דער תורה, וואָס גאָט האָט געגעבן צו די בני יעקב. די דאָזיקע פעלקער האָבן מורא געהאַט פאַר גאָט און זייערע אָפּגעטער האָבן זיי געדינט. און אַזוי זיינען אויך זייערע זין און זייערע אייניקלעך. ווי זייערע עלטערן האָבן געטאָן, אַזוי טוען זיי אויך ביז צו היינטיקן טאָג".

די דאָזיקע שומרונים אַלזאָ האָבן זיך אַממערסטן מיט געפילן בייזע באַצויגן צו די עולים. די קנאה־שנאה געפילן ווען זיי צופּלאַקערן זיך צווישן נאָענט־ווייטע עלעמענטן, זיינען זיי שטאַרקער, ווי

ווען זיי צעפלאקרן זיך צווישן אזוינע וואָס זיינען גאָר אין גאַנצן ווייט און פרעמד איינע פון די צווייטע.

און אָט אזוי האָבן זיך די אלע שונאים פון אידישן פאָלק פאַר־איייניקט צו לייגן שטיינער אויף דעם וועג פון די עולים אין זייער ארבעט, די חורבות פון לאַנד אויפצובויען, און עס האָבן פילע, פילע יאָרן געמוזט אוועקגיין ביז די עולים האָבן געקענט פארענדיקן די ארבעט פון בויען דעם בית המקדש, פאר וועלכער זיי האָבן זיך גענומען באַלד ווי זיי זיינען אין לאַנד געקומען. זיי האָבן געמוזט פריער זייערע אויגן אויסוויינען, איידער זיי האָבן זוכה געווען צו זען דעם בית המקדש אויפגעשטעלט.

ט״ז

# זרובבל בן שאַרתיאל

זרובבל דער פּאָליטישער פירער פון די עולים. — אַן אייניקל פון טראַגישן קעניג יהויכין. — זיין דערציאונג אין קעניגלאַכן הויף. — די גרויסע שווערע פאַראַנטוואָרטליכקייט, וואָס ער האָט באַדאַרפט אויף זיך טראָגן. — די שומרונים האָבן אים אלס ציל־ברעט פאַר זייערע גיפטיקע פיילן געמאַכט. — האָבן געהאָלגט מיט מסירות אויף אים צום פּערסישן טראָן. — די אַרבעט פון בויען דעם בית המקדש ווערט געשטערט דורך די מסירות פון די שומרונים. אין עטלאַכע יאָר אַרום קריגט זרובבל די דערלויבניש דאָס בויען פון בית המקדש צו באַנייען. — די אַלטע שיינע לעגענדע, וואָס עקזיסטירט אין צו־זאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער פּאַסירונג.

ווי מיר האָבן שוין אין איינעם פון די פריערדיקע קאַפּיטלען געשריבן, איז זרובבל געווען דער פאָרשטייער פון די עולים אין ארץ ישראל. אונטער זיין פירערשאַפט און אונטער דער פירערשאַפט פון דעם כהן גדול ישוע בן יוצדק האָבן די עולים מאַרשירט קיין ארץ ישראל און אויך ווען די עולים זיינען שוין אין לאַנד געקומען, איז ער, צוזאַמען מיט ישוע בן יוצדק, די אַנערקענטע פירער פון פאָלק געבליבן.

און אויב דער לעצטער איז געווען דער מנהיג רוחני פון די עולים, אויב ער איז מער באַשעפטיקט געווען דערמיט, ער זאָל אונטער זיין השגחה האַלטן דאָס גייסטיקע לעבן פון דעם נייעם ישוב אין ארץ ישראל, איז דער ערשטער דער פּאָליטישער פירער פון די עולים געווען. ער איז דער הויפּט ארכיטעקט געווען פון דעם נייעם אידישן לעבן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן שטאַלטן אין ארץ ישראל. ער איז דער פאַרמיטלער געווען צווישן די עולים און דער פּערסישער מאַכט, וועלכע האָט אים פאַר דעם אַדמיניסטראַטאָר פון יהודה באַשטימט, און די טעטיקייט פון אויפבויען צוריק די חורבות פון יהודה איז אינגאַנצן אונטער זיין אויפזיכט און אונטער זיין פירערשאַפט געשטאַנען איז אין גאַנצן אין זיינע הענט געווען קאָנצענטרירט. פּאַקטיש איז ער אַזוי אַרום דער העכסטער אויטאָ־ריטעט געווען אין דעם נייעם ישוב.

זרובבל איז, ווי עס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן, געווען אן איי־ניקל פון דעם טראַגישן קעניג יהויכין, וועלכער האָט פערציק יאָר, כמעט, פאַרבראַכט אין תפיסה אין בבל. ער איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין קעניגליכן הויף, און איז אין זיין פריעסטער יוגנט איינער פון די פּאַזשעס פון קעניג געווען. פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער האָט אין בבל פאַרבראַכט, איז ער איינער פון די אנגעזעענסטע פיגורן אין קעניגלעכן הויף געווען. מיט זיין פּאָליטישן פאַרשטאַנד און טאַקט, מיט זיינע באַנעמונגען און פירונגען האָט ער גרויס ליבע און רעספּעקט דערוואָרבן ביי אלע, וואָס האָבן אים געקענט און האָבן פון אים געהערט. די גרויסע מעלות זיינע אלס מענטש, די גרויסע פיאיקייטן און באַגאַבונגין זיינע אלס שטאַטסמאַן און פּאָ־ליטיקער, האָבן זיין נאָמען איבעראַל באַרימט און באַליבט געמאַכט.

און ניט וויניקער גרויס, ווי עס זיינען די אלגעמיינע מעלות זיינע געווען, זיינען אויך די מעלות זיינע אלס איד געווען.

צוזאַמען מיט דער דערציאונג וואָס ער האָט אין קעניגלעכן הויף געקראָגן, איז זיין דערציאונג אויך געשטאַנען אונטער דער השגחה פון אידישן איינפלוס. ער איז א תלמיד מובהק געווען פון די לעצטע נביאים, וואָס האָבן אין גלות בבל געלעבט; ער איז א תלמיד מובהק געווען פון די גרויסע פּאָלקס־לערער פון זיין דור, וואָס זיינען אומערמידלעך אין זייער טעטיקייט געווען, דאָס אידישע פּאָלק אויף די וועגן פון גאָט צו באַקערן. ער איז געווען זייער תלמיד מובהק, און אלעס וואָס עס איז זיי טייער און הייליק געווען. און אלע זייערע טרוימען און האָפנונגען זיינען אויך זיינע טרוימען און האָפנונגען געווען.

ווי פילע אַנדערע אידישע פרינצן פון יענער צייט, האָט אים אויך דער רוב טובה, אין וועלכן ער האָט געלעבט, ניט פאַרגעסן געמאַכט אָן דעם רוב רעה פון דעם גאַנצן אידישן כלל; ווי פילע אַנדערע גרויסע פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן פון דער זרע המלוכה געשטאַמט, האָט ער אויך אין שטענדיקן טרויער איבער דעם גורל פון ציון און ירושלים געלעבט. די דערציאונג וואָס ער האָט באַ־קומען אין קעניגלעכן הויף, האָט אים ניט אָפּגעפרעמדט פון זיין פּאָלק, נאָר, פאַרקערט, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין צוגעבונ־דענקייט צו אים. דער גלאַנץ און רוהם, וואָס ער האָט אין זיין

פּערזענלעכן לעבן דערגרייכט, האָט ניט פאַרבלענדט די אויגן זיינע, ער זאָל זיך צום האַרצן ניט נעמען די פּאָליטישע שפלות, און וועלכע עס האָט זיך דער גאַנצער כלל געפינען, נאָר, פאַרקערט, האָט נאָך מער שטאַרק געמאַכט אין אים דעם באַגער די אידישע אויפריכטיקונג צו זען. ער האָט זיך, ווי צענויפגעוואַקסן געפילט מיט די שטרע־בונגען און האָפנונגען פון די בעסטע אידישע קינדער פון זיין דור. די שטרעבונג די אידישע גאולה צו זען און דער גלויבן אין דעם זיכערן אָנקומען אירן איז אויך ביי אים דער גאַנצער תמצית פון זיין אינערלעכסטן לעבן געווען.

און אָט דער גרויסער אידישער פּאַטריאָטיזם זיינער, די דאָזיקע גרויסע איבערגעבנקייט זיינע צום אידישן פאָלק, צוזאַמען מיט די אַלגעמיינע מעלות, האָט אים באַרימט און באַליבט געמאַכט אויך אין די אייגענע אידישע קרייזן און האָט אים אין פראָנט פון די גרויסע געשעענישן אַרויסגערוקט. דער שיקזאַל פון זיין וויטערדיקער טעטיקייט, פון זיין אייגענער צוקונפט, איז פון דאַן אָן אייניג פאַר־בונדן געוואָרן מיט דעם שיקזאַל פון דעם אידישן גאולה־חלום, מיט דעם שיקזאַל פון דער אידישער צוקונפט. די פּערזענלעכע מעלות און באַגאַבונגען זיינע צוזאַמען דערמיט, וואָס ער איז אַן אָפּשטאַמלינג געווען פון דער קעניגלעכער דינאַסטיע, האָבן געבראַכט דערצו, אַז דער אידישער קבוץ, וואָס האָט זיך אין בבל געפונען, ווי אויך דער נייער אידישער ישוב אין יהודה זאָלן אים אין צענטער פון אידישע גאולה־וויזיאָנען שטעלן. אין דעם, וואָס ער, א אידישער פּרינץ, אַן אָפּשטאַמלינג פון זרע דוד, איז אין צענטער פון די גרויסע גאולה געשעהענישן געשטעלט געוואָרן, אין דעם, וואָס עס זיינען אזוי נתגלגלו הדברים געוואָרן און ער איז זייער פירער געוואָרן, האָבן זיי די גאַראַנטיע געזען און מער זיכערקייט אין זייער גלויבן דערוואָרבן, אַז די גאולה זייערע וועט א גאולה שלמה זיין, אַז זיי וועלן ווידעראַמאָל פון פּאָלשטענדיקער פּאָליטישער זעלבסטשטענ־דיקייט געניסן. און ווען זיי האָבן אין זייער פאַנטאַזיע פאַר זייערע אויגן שוין אויך א קעניגלעכן טראָן און א קעניגלעכע קרוין געזען, האָבן זיי די קרוין זיין קאָפּ באַצירן געזען, האָבן זיי אים אויף דעם טראָן זיצן געזען. מיט ליבע גרויסער האָבן זיי זייערע אויגן געווענדט צו זייער פירער, אין וועלכן זיי האָבן געזען די שפּורן פון זייער

אמאָליקער גרויסקייט און דעם אָנזאָגער און דעם סימבאָל פון דעם נייעם גרויסן לעבן, וואָס הויבט אָן אזוי העל און ליכטיק צו שיינען פאַר זיי.

---

זרובבל האָט צום גרויסן גליק זוכה געווען, ער זאָל דער ראש לעולים זיין, ווען עס איז דער גרויסער גאולה מאָמענט פאַר די גולי בבל געקומען. ער האָט צום גרויסן גליק זוכה געווען, ער זאָל דער אנערקענטער מנהיג זיין פונם נייעם ישוב אין ארץ ישראל, ער זאָל דער אָנפירער זיין פון דער טעטיקייט פון די עולים, די חורבות פון ירושלים און יהודה צו בויען. ער זאָל אין צענטער שטיין פון אלעם דעם, וואָס איז פאָרגעקומען דאַן און געטאָן געוואָרן אין ארץ ישראל.

צוזאַמען דערמיט איז אָבער אויף אים אויך דער טרויעריקער שיקזאַל אויסגעפאלן. ער זאָל אויף זיך אויך א שווערע פאראַנט־וואָרטלעכקייט טראָגן, ער זאָל מער, ווי אלע אַנדערע, אין שטענדיקער זאָרג לעבן צוליב די מניעות און שטערונגען, אויף וועלכע עס האָט זיך די ארבעט פון די עולים אָנגעשלאָגן, עס זאָל זיין האַרץ טיף פאַרוואונדעט ווערן פון יעדן מיסדערפאָלג, מיט וועלכן עס האָבן זיך די אונטערנעמונגען פון די עולים געענדיקט. עס איז געלעגן אויף אים ניט נאָר די שווערע לאַסט פון צו זיין א פירער פאַר זיין אייגן פאָלק, נאָר אויך די שווערע לאַסט פון לאַווירן ווי געהעריק מיט די אידישע שונאים, וואָס די עולים האָבן אין לאַנד געטראָפן, נאָך אויך די שווערע לאַסט פון פאַרטרעטן ווי געהעריק די עולים פאַר דער פערסישער מאַכט. איבער פאַרשיידענע ליניען האָט ער אויף זיך א גוואַלדיק שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט געטראָגן. דורך דער קלענס־טער פאַרזיכטיקייט האָט געקענט ניט נאָר זיין הויכער אַמט אין קאַן געשטעלט ווערן, נאָר אויך דאָס לעבן זיינס און די אלע אידישע האָפנונגען האָבן געקענט דורכדעם אין געפאַר געשטעלט ווערן.

און ווירקלעך טראָץ דער פאָרזיכטיקייט זיינער, טראָץ דער גרוי־סער אָנשטרענגונג זיינער, די שיף פון דער אידישער באפרייאונג אין רואיקע און זיכערע וואַסערן צו פירן, האָט זי זיך דאָך אָפטמאָל אין געפערלעכע כוואַליעס־פעלזן, וועלכע האָבן זיך אויף איר מיט א בייזער קראַפט אין א פאַרניכטענדן קאַמף געוואָרפן—אָנגעשלאָגן.

שטאַרק ווי זיין ליבע איז ניט געווען צום אידישן פאָלק, איז די גיפּטיקע שנאה פון די אידישע שונאים צום אידישן פאָלק געווען נאָך שטאַרקער. גרויס ווי עס איז ניט געווען דאָס געפיל זיינס פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, איז נאָך גרעסער געווען די אָנשטרענגונג פון די אידישע שונאים די אידישע באַפרייאונג צו פאַרניכטן.

מיר האָבן שוין פריער געשריבן, מיט וואָס פאַר א בייזע געפילן די שומרונים און די אנדערע אידישע שונאים האָבן באַגעגנט דאָס צוריקקערן זיך פון די אידן קיין ארץ ישראל. באַזונדערס האָט זיך זייער שנאה צו די עולים פאַרשטאַרקט, ווען די עולים האָבן זיך גענומען צום בויען דעם בית המקדש. די גאַנצע צייט פון כורשן ביז דריושן האָבן זיי געהאַלטן אין שיקן מסירות אויף די עולים צו די פּערסישע הערשער.

און דער ציל פון די אַלע גיפּטיקע פיילן זייערע איז זרובבל געווען. אים האָבן זיי אין צענטער געשטעלט פון די אַלע פאַרלוימדונגען און מסירות זייערע. זיי האָבן אים אַלס פאַררעטער צום פּערסישן טראָן ארויסגעשטעלט. זיי האָבן געשריבן אויף אים, אַז ער וויל די אונטערטעניקייט פון אידישן ישוב אין יהודה מבטל זיין און זיך אַלס דעם קעניג פון יהודה דערקלערן.

און אויב זיי האָבן ניט אויף אַזוי פיל דערפאָלג געהאַט אין די מסירות און בלבולים זייערע, זיי זאָלן זען דורך זיי זרובבלען צום טויט פאַראורטיילט און די אידישע גאולה אין א חורבה פאַרוואַנדלט, האָבן זיי דאָך אויף אַזוי פיל יאָ דערפאָלג געהאַט אין זיי, זיי זאָלן דורך זיי זרובבלען ביז צו דער גרעסטער מדרגה פון פאַרצווייפלונג ברייגנגען און אַז די אַרבעט פון בויען דעם בית המקדש זאָל אויף גאַנצע ניין יאָר אָפּגעשטעלט ווערן.

ערשט אויף דעם צווייטן יאָר נאָכדעם וואָס דריוש האָט דעם פּערסישן טראָן באַשטיגן, האָט זרובבל אויסגעווירקט ביים קעניג די דערלויבניש דאָס בויען פון בית המקדש צו באַנייען.

און אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער פּאַסירונג עקזיסטירט אַן אַלטע שיינע לעגענדע, וועלכע מיר גיבן איבער דאָ.

ווען דריוש — דערציילט די לעגענדע — איז נאָך אַ פּראָסטער מענטש געווען, האָט ער אַ שבועה געגעבן צו גאָט, אַז ווען ער וועט ווערן קעניג, זאָל ער אומקערן קיין ירושלים די אַלע כלים פון בית המקדש, וואָס זיינען נאָך געבליבן אין בבל.

און צווישן זרובבל און דריוש האָט פון די אַלטע צייטן נאָך געהערשט אַ גרויסע פריינטשאַפט, און דעריבער איז געקומען זרובבל קיין בבל באַלד נאָכדעם, ווי דריוש איז געוואָרן קעניג, ער זאָל ביי אים אויסווירקן די דערלויבניש, פאַרטצוזעצן דאָס בויען פון בית המקדש.

דער קעניג האָט זיין אַלטן פריינט מיט גרויס כבוד אויפגענומען און ער האָט אים מיט נאָך צוויי אַלס זיינע לייב-וועכטער באַשטימט.

און אין אַ קורצער צייט ארום נאָך דעם, וואָס ער האָט דעם טראָן באַשטיגן, האָט דריוש אַ גרויסן באַל געמאַכט פאַר אַלע זיינע מקורבים: פאַר די אַלע פרינצן און הערשער פון פּרס און מדי און פון פילע אַנדערע לענדער און פאַר די אַלע גענעראַלן פון די הונדערט און זיבן און צוואַנציק מדינות פון זיין קעניגרייך.

און נאָכדעם, ווי די סעודה האָט זיך געענדיקט, איז יעדער איינער אוועקגעגאַנגען שלאָפן אין זיין איינגן הויז, און דער קעניג דריוש איז אויך געגאַנגען אין זיין בעט שלאָפן.

נאָכדעם אָבער, ווי ער איז אָפּגעשלאָפן אַ קליינע ווײַלע האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, און ער האָט שוין מער ניט געקענט איינשלאָפן.

האָט ער פאַרפירט אַ געשפּרעך מיט די דריי לייב-וועכטער זיינע און צוגעזאָגט זיי, אַז דער וואָס וועט אים די קלוגסטע און ריכטיקסטע תשובה געבן אויף די פראַגן, וואָס ער וועט פאַר זיי פאָרלייגן, וועט ער אים באַלוינען דערמיט, וואָס ער וועט אים אין אַ פּורפּור-מאַנטל אָנטאָן און געבן אים טרינקען פון גאָלדענע כלים און אַ גאָלדן בעט וועט ער אים געבן צום שלאָפן. און ער וועט אים אָנטאָן אַ גאָלדענע קייט אויף זיין האַלז און זעצן אים לעבן זיך. דאָס אַלעס וועט אַ באַלוינונג זיין פאַר זיין חכמה.

און נאָכדעם, ווי ער האָט זיי צוגעזאָגט צו געבן די דאָזיקע אַלע מתנות, האָט ער זיך אָנגערופן צום ערשטן לייב-וועכטער:

„דענסקט ניט, אַז וויין איז די שטאַרקסטע זאַך אויף דער וועלט?"

און דעם צווייטן האָט ער געפרעגט: „צי די קעניגן זיינען עס ניט?״

און דעם דריטן האָט ער געפרעגט: „צי די פרויען זיינען עס ניט? אָדער: צי איז גאָר ניט דער אמת שטאַרקער פון זיי אַלע־מען?״

נאָכדעם, ווי דער קעניג האָט זיי די דאָזיקע פראַגן פאָרגעלייגט און אָנגעזאָגט זיי, זיי זאָלן נאָכקלערן און נאָכטראַכטן, זיי זאָלן אים אויף זיי דעם ריכטיקן ענטפער קענען געבן איז ער ווידער רוען אין זיין בעט געגאַנגען.

אין דער פרי האָט ער געשיקט צונויפרופן די אַלע גרויסע לייט זיינע די אַלע פרינצן און הארן פון פרס און מדי. ער האָט זיך אויף דעם באַשטימטן פלאַץ פאַר אים צווישן זיי אוועקגעזעצט און אויפגעפאָדערט יעדן פון זיינע לייב־וועכטער, זיי זאָלן געבן זייערע תשובות אין דער אָנוועזנהייט פון די אַלע פאַרזאַמלטע אויף די פראַגן, וואָס ער האָט זיי געשטעלט.

האָט דער ערשטער פון זיי אָנגעהויבן צו ריידן וועגן דער שטאַרקייט פון ווין און ער האָט אַזוי געזאָגט:

— אָ, איר מענטשן איך געפין, אַז ווין איז די שטאַרקסטע זאַך אויף דער וועלט. ער צעטומלט דעם געדאַנק פון די, וואָס טרינקען אים, און דערנעענטערט דעם געמיטצושטאַנד פון קעניג צום געמיט־צושטאַנד פון יתום און פון דעם וואָס לעבט אין פיין און דחקות. ער מאַכט דעם שקלאַף אַזוי מוטיק ווי דער פרייער מענטש איז. ער מאַכט דעם געדאַנק פון דעם וואָס איז אין נויט, ווי פון דעם וואָס איז רייך. ווארום דער ווין בייט איבער און באַנייט די נשמות פון מענטשן, ווען ער קומט אריין אין זיי. ער פאַרטרייבט די צרות, וואָס דריקן אויף דעם מענטשן. ער מאַכט פאַרגעסן די מענטשן די חובות, וואָס זיי זיינען שולדיק אַנדערע און מאַכט זיי דיינקען, אַז זיי זיינען די רייכסטע מענטשן אויף דער וועלט. אונטער דער ווירקונג פון ווין הערן זיי אויף וועגן קליינע זאַכן ריידן און הויבן אָן נאָר וועגן הויכע ענינים צו ריידן און וועגן אַזוינע זאַכן וואָס פּאַסן זיך נאָר פאַר די רייכע לייט.

און נאָך מער. זיי הערן זיך אויף צו שרעקן פאַר זייערע קאָמאַנדירן און פאַר זייערע קעניגע, און עס ווערט ביי זיי

דער זכרון אָפּגענומען בנוגע צו זייערע פריינט און חברים, ווארום דער וויין באוואפנט די מענטשן קעגן די אפילו, וואָס זיינען זיי אממייסטן טייער. זיי קענען זיך באגיין מיט זיי אונטער דער וויר־קונג פון וויין, ווי זיי וואָלטן זיי ווילד פרעמד געווען. און ווען זיי ווערן אויסגעניכטערט און זיי שלאָפן אויס פון זיך זייער וויין דורך דער נאכט, שטייען זיי אויף גאָר ניט וויסנדיק וועגן דעם אלעם, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן, ווען זיי האָבן אין די בעכערס פון וויין געלעבט. איך נעם דאָס אלעם אָן אלס צייכן פון שטארקייט, דורך דעם אלעם האָב איך אויסגעפונען, אז וויין איז די שטאַרקסטע און העכסטע זאַך אויף דער וועלט.

נאָכדעם, ווי דער ערשטער האָט אויף אזא אופן באוויזן די ריכטיקייט פון זיין מיינונג וועגן דער שטארקייט פון וויין, האָט ער די פאַרזאַמלטע פאַרלאָזט.

און דאַן האָט דער צווייטער אָנגעהויבן צו ריידן וועגן דער שטאַרקייט פון די קעניגע. ער האָט באוויזן, אז דער קעניג איז שטאַרקער פון אלע, אז ער איז מער מאַכטפאָל פון יעדער אנדער זאַך אין דער וועלט, וואָס באזיצט כח אָדער גבורה. ער האָט אויף פאָלגענדן אופן אָנגעהויבן צו באַגרינדן זיין מיינונג. ער האָט גע־זאָגט: די מענטשן זיינען עס די, וואָס הערשן איבער אלעם; זיי באַצווינגען די ערד און דעם ים, זיי זאָלן זיי זייער הילף געבן און אלעם דאָס, וואָס זיי פאַרלאַנגען: און אָט איבער די מענטשן הערשן די קעניגע, אויף אָט די מענטשן צווינגען זיי זייער אויטאָריטעט ארויף. און דעריבער מוזן אָט די, וואָס הערשן איבער אָט יענע ברואים, וועלכע זיינען די שטאַרקסטע און מאכטפאָלסטע אין דער וועלט אלס אומפארגלייכלעך מיט קיינעם אין זייער כח און מאַכט באַטראַכט ווערן. צום ביישפּיל, ווען די דאָזיקע קעניגע באַפעלן זייערע אונטערטאַנען צו מאכן מלחמות און אונטערצוואווארפן זיך אונטער פארשיידענע געפאַרן, פאָלגן זיי די אונטערטאַנען. זיי באַ־פעלן זייערע מענטשן־בערג נידריק צו מאַכן, טורעמס און פעסטונגען מיט דער ערד אויסצוגלייכן. נאָך מער, ווען מען באַפעלט זיי יענעם צו הרגענען און אליין געהרגעט צו ווערן, איז ווען זיי באַזיגן דעם שונא, ברייננגען זיי דאָס, וואָס זיי האָבן דערוואָרבן אין דער מלחמה, צום קעניג.

און אויך די, וואָס זיינען ניט קיין סאָלדאַטן, נאָר קולטיווירן די ערד און באַאַקערן זי, אויך זיי ברייינגען צום קעניג פון דער פרוכט פון דער ערד, וואָס זי גיט ארויס נאָך דער שווערער ארבעט, וואָס זיי לייגן אוועק דארויף. אלעס, וואָס דער קעניג זאָגט מוז געטאָן ווערן באַלד אָן אַן אָפּלייג און אונטער די גרעסטע געפאַרן, און ער אליין איז פאַרזאָרגט שטענדיק מיט אַלערליי מינים שפּייז און פאַרגעניגנס און פאַרברייינגט אין רואיקן שלאָף. ער איז כסדר מיט א וואַך, וואָס ציטערט איבער אים, ארומגערינגלט. ווארום קיינער וואַגט ניט אים צו פאַרלאָזן, אפילו, ווען ער שלאָפט, קיינער גייט אפילו אויף קיין רגע ניט אוועק, כדי ער זאָל זיינע אייגענע אינטערעסן פאַרזאָרגן. די איינציקע זאַך וואָס האָט ביי יעדן א גרויסן ווערט, איז צו היטן דעם קעניג. ווי קען עס דען דעריבער זיין אַנדערש, אז דער קעניג שטייגט אַלעמען איבער אין קראַפט צוליב דעם, וואָס אַזאַ גרויסע צאָל מענטשן פאָלגן אוים זיינע באַ־פעלן.

און ווען דער צוויטער האָט אפּשייד גענומען פון די פאַר־זאַמלטע, האָט דער דריטער פון זיי, וועלכער איז געווען זרובבל, אָנגעהויבן צו ריידן פאַר זיי וועגן פרויען און וועגן אמת און ער האָט געזאָגט:

ווין איז שטאַרק און שטאַרק איז אויך דער קעניג, ווען די אַלע מענטשן פאָלגן. די פרוי שטייט אָבער העכער פון זיי אין שטאַרקייט. ווארום א פרוי איז דאָס געווען, וואָס האָט געבראַכט דעם קעניג אויף דער וועלט. וואָרום פרויען זיינען עס די, וואָס טראָגן אוים אָט יענע אלע, וואָס פאַרפלאַנצן און גרייטן צו די וויינען. זיי דערציען זיי. עס איז ווירקלעך גאָר ניטאָ אַזוינס, וואָס מיר זאָלן עס ניט פון די פרויען באַקומען. זיי וועבן די קליידער פאַר אונז און אלע אונזערע עניני־בית ווערן דורך זיי געפירט און אין זיכערקייט געהאַלטן. מיר קענען אויך ניט לעבן אָפּגעזונדערט פון פרויען. ווען מיר האַלטן א סך גאָלד און זילבער און אלע אנדערע טייערע זאַכן, וועלכע זיינען פון גרויסן ווערט און פאַרדינען געאַכטעט צו זיין, און מיר דערזען א שיינע פרוי, לאָזן מיר אוועק אָט די אלע זאַכן און מיט אן אָפן מויל שטעלן מיר אָן אונזערע אויגן אויף איר און מיר זיינען וויליק אוועקצוגעבן אלעס, וואָס מיר

פראַמאָגן, כדי מיר זאָלן קענען געניסן איר שיינקייט און האַלטן זי פאַר אונז אַליין. מיר פאַרלאָזן אויך פאָטער און מוטער און די ערד, וואָס האָט אונז געשפּייזט און זאָגן זיך אָפּ אין גאַנצן פון אונזערע טייערסטע פריינט צוליב א פרוי. און נאָך מער, מיר זיינען אויך גרייט אונזער לעבן פאַר איר אוועקצולייגן. מיר שטרייכגען זיך אָן פיל, וואַרפן זיך אונטער פאַרשיידענע נסיונות שווערע אויף דער יבשה אין אויף דעם ים, און ווען אונזער שווערע מי קרוינט זיך מיט דערפאָלג, נעמען מיר די פרוכט פון אונזער שווערע אַרבעט און ברייגגען זי צו די פרויען, אונזערע הערשערינס און שטעלן זי אין זייער רשות אוועק. ווען די קעניגין שמייכלט, שפּילט אויך אויף די ליפּן פון קעניג א שמייכל, ווען זי איז צאָרנדיק ווערט א וואָלקן פון טרויער איבער זיין געזיכט פאַרצויגן.

און ווען די פּרינצן און די הערשער האָבן זיך איבערקוקט צווישן זיך, האָט זרובבל אָנגעהויבן צו רײדן וועגן אמת, און ער האָט אזוי געזאָגט:

— איך האָב שוין באַוויזן, ווי שטאַרק עס זיינען די פרויען. אָבער ביידע אי דער קעניג און אי די פרוי, זיינען שוואַכער פון אמת. וואָרום ווי גרויס די ערד איז ניט און ווי הויך עס איז ניט דער הימל און ווי גיך עס איז ניט דער לויף פון דער זון, לעבן זיי און באַוועגן זיך אַלע לויט דעם ווילן פון גאָט, וועלכער איז אמת און יושר. און מחמת דעם דאַרפן מיר באַטראַכטן דעם אמת אַלס די שטאַרקסטע זאַך אויף דער וועלט, און דאָס, וואָס איז אומגערעכט האָט קיין האַפט ניט געגן דעם. נאָך מער, אַלע אַנדערע זאַכן וואָס פאַרמאָגן כח און גבורה זיינען פאַרבייגייענד און קורצלעבנד. נאָר דער אמת אַליין איז אומשטערבלעך און אייביק. די שיינקייט, וואָס דער אמת גיט אונז איז ניט אַזאַ וואָס ווערט פאַרוועלקט מיט דער צייט, די רייכקייט איז ניט אַזאַ, וואָס קען פאַרלאָרן ניין. דער אמת גיט אונז גערעכטע געזעצע און פירונגען וואָס בלייבן ווערטפאָל אויף אייביק.

ווען זרובבל האָט געענדיקט זיין שמועס וועגן אמת, האָט די גאַנצע פאַרזאַמלונג אויסגעשריען אויף א הויך קול, אז ער האָט די קלוגסטע רייד גערעדט און אז טאַקי נאָר דער אמת אַליין איז די

שטאַרקסטע זאַך אויף דער וועלט, וואָס לעבט אייביק און ווערט ניט פאַרעלטערט.

האָט דאָן דער קעניג געזאָגט צו אים, ער זאָל אים זאָגן, וואָס ער פאַרלאַנגט פון אים, וועט ער אים געבן, ווי ער האָט אים צוגע־זאָגט. ער וועט זיין פאַרלאַנג דערפילן צוליב זיין חכמה.

און ווען דער קעניג האָט דאָס צו אים געזאָגט, האָט זרובבל אים דערמאָנט די שבועה, וואָס ער האָט געגעבן אין פאַל, אז ער וועט אמאָל ווערן קעניג, צו בויען ירושלים און אויפשטעלן צוריק דעם בית המקדש און אויך אומקערן צוריק די כלים פון בית המקדש, וואָס נבוכדנצר האָט אוועקגעפירט פון בבל. און דאָס איז דער פאַר־לאַנג — האָט ער ווייטער געזאָגט צום קעניג — וואָס איך דריק אויס פאַר דיר מיט דיין דערלויבניש. איך בעט דיר, דו זאָלסט מקיים זיין דיין שבועה, וועט דאָס זיין די באַלוינונג פאַר דעם, וואָס די פאַר־זאַמלטע האָבן געפונען מיינע רייד קלוג און פאַרנונפטיק.

איז דעם קעניג זייער געפעלן געוואָרן זיינע רייד און ער האָט זיך אויפגעהויבן און אים געקושט און געשריבן צו זיינע גובער־נאַטאָרן און הערשער און באַפעלן זיי, זיי זאָלן זייער הילף געבן צו זרובבלן און צו די אַלע, וואָס ווילן גיין מיט אים קיין ארץ ישראל. און דריוש האָט באַפעלן, אז עס זאָל דורכגעפירט ווערן אַלעס, וואָס כורש האָט געוואָלט טאָן פאַר דער צוריקאויפבויאונג פון ארץ ישראל.

אויב אָבער די אַלע אַנדערע עלעמענטן, וואָס געפינען זיך אין דערדאָזיקער לעגענדע, זיינען, ווירקלעך, מער ניט ווי נאָר דברי אגדה, איז אָבער דער עצם ענין וועגן זרובבלס פאַרלאָזן ארץ ישראל נאָכדעם וואָס ער האָט דאָרטן פילע יאָרן אָפּגעלעבט און איז דאָרטן די גאַנצע צייט דער פירער פון דעם נייעם אידישן ישוב געווען, אזא וואָס איז, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן ווירקלעך פאָר־געקומען, כאָטש, אמת, פיל שפּעטער, ווי די צייט, וואָס ווערט אין דער אויבנגעבראַכטער לעגענדע אָנגעגעבן.

ר״ז

# זרובבל בן שאלתיאל אויף דער עלטער

דער שטילער קאמף פאר דער אויסשליסליכער פירערשאפט פון אידישען פאָלק. — א ניט באגרינדעטע באַהויפּטונג. — די אלע שטעלען אין תנ״ך אין פאר־בינדונג מיט דעם ענין זיינען סותר די דאָזיגקע באַהויפּטונג. — דאָס צוריק־ציען זיך פון זרובבל פון עפנטלאכער פּאָליטישער פירערשאפט.

גרעץ וויל האָבן, אַז עס זיינען פאָרגעקומען געוויסע רייבונגען צווישן די צוויי אידישע פירער פון יענער צייט צווישן דעם וועלט־לעכן פירער פון די אידן דאן, זרובבל בן שאלתיאל, און צווישן זייער גייסטיקן פירער, ישוע בן יוצדק. עס האָט ניט געקענט די ממשלה פון יעדן איינעם פון זיי אין אָפּגעזונדערטע גרענעצן בלייבן. זיי האָבן זיך איינער אין די גרענעצן פון דער ממשלה פון צווייטן אריינגעריסן. זיי האָבן א קאמף — כאָטש, אמת, דער קאַמף איז זייער א שטילער און בכבודיקער געוועזן — אָנגעפירט צווישן זיך פאר דער אויסשליסלעכער פירערשאפט פון אידישן פאָלק.

און די דאָזיקע רייבונגען צווישן די פירער האָבן זייער אָפּקלאַנג אויך אין פאָלק געהאט. עס איז צווישן די פארשיידענע עלעמענטן פון פאָלק אַ שטרייט אָנגעגאַנגען, וועמען זאָלן זיי אין צענטער שטעלן פון זייערע גאולה־האָפנונגען. וועמען זאָלן זיי, אלס זייער צוקינפטיקן קעניג באטראכטן. א טייל פון פאָלק זיינען ענטוזיאס־טישע אָנהייננגער געוועזן פון זרובבל בן שאלתיאל, אי צוליב זיינע איינענע פערזענלעכע מעלות, ווי אויך צוליב דעם, וואָס ער האָט פון דער קעניגלעכער דינאסטיע געשטאמט.

אנדערע ווידער האָבן, פאַרקערט, זייערע אויגן צו ישוע בן יוצדק געווענדט. זיי האָבן מיט זיין פּערזאָן זייער האָפנונג פאַרבונדן און אייגענעם קעניג צו האָבן. ער איז אין זייערע אויגן ווערט־פולער פון זרובבל געווען און מער ראוי, ער זאָל דער אבסאָלוטער הערשער פון אידישן פאָלק זיין צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך אלס גאָטס פאַרטרעטער גערעכנט, צוליב דעם, וואָס ער איז זייער גייס־טיקער פירער און לערער געווען.

ווי גרויס עס איז ניט געווען דער רעספּעקט, מיט וועלכן די עולים האָבן זיך צו דער קעניגלעכער דינאַסטיע באַצויגן, וויפיל וויכטיקייט און וואַגיקייט עס איז ניט געווען פאַר זיי אין דעם פאַקט, וואָס זרובבל איז געווען דער נאָכקומער פון דעם גרויסן און באַליבטן העלד זייערן דוד, האָט דאָס אידישע פאָלק דאַן א צו גרויסע מדרגה פון גייסטיקער ענטוויקלונג שוין געהאַט דערגרייכט, איז דאָס אי־דישע פאָלק דאַן שוין צופיל עם הספר געוואָרן עס זאָלן זיך ניט געווען קענען געפינען צווישן דעם אויך אזוינע עלעמענטן, וואָס זאָלן א מער ווארעם געפיל פאַר דעם כתר תורה און כתר כהונה האָבן, ווי פאַר דעם כתר מלוכה, וואָס זאָלן העכער שטעלן דעם יחוס פון א גרויסער אויטאָריטעט צו זיין אין דער תורה, ווי דעם יחוס א בן־מלכים צו זיין.

און כדי, עס זאָלן מחלוקת און פּירוד־לבבות אויסגעמידן ווערן, איז דאַן נאָר איין וועג געבליבן, אז איינער פון די צוויי מנהיגים זאָל מיט זיין גוטן ווילן אליין זיין פּלאַץ פאַרלאָזן. די לאַגע האָט שוין ניט געקענט בלייבן, ווי זי איז ביז יעצט געווען. עס האָבן שוין מער ניט געקענט זיין קיין צוויי באַזונדערע פירער. עס האָט, ווירקלעך, איינער פון זיי אוועקגיין געמוזט, כדי עס זאָל נאָר איינער בלייבן, ביי וועלכן עס זאָל זיך די גאַנצע הנהגה איבער דעם פאָלק געפינען.

און דער גורל איז געפאַלן אויף זרובבל. ער האָט געמוזט זיין פּלאַץ פאַרלאָזן. דער כהן גדול איז מער נויטיק געווען פאַר דעם פאָלק אלס פירער, ווי זרובבל. דערצו נאָך האָט טאַקי אָט דער מאָטיוו, וואָס ער — זרובבל — האָט פון מלכות בית דוד געשטאַמט, אָט דער זעלבער מאָטיוו, וועלכער האָט אלס פאַקטאָר געדינט צו

מאכן אים נאָך מער באליבט ביי פילע עלעמענטן פון פאָלק, צו פארגרעסערן די אָנהייגערשאַפט אין אים, האָט מיטגעבראַכט אויך דערצו, ער זאָל מוזן זיין פלאַץ דעם כהן גדול אָפּטרעטן. דורך זיין אוועקגיין האָבן די אידן אין ארץ ישראל געקענט האָפן, אז זיי זאָלן אוועקנעמען אויף וויפיל עס איז כאָטש די וואפן פון די שונאים פון נייעם ישוב, זיי זאָלן ניט קענען שרייבן אויף זיי מער אזוינע גיפטיקע מסירות, ווי זיי האָבן אויף זיי ביז יעצט געשריבן. זיין אוועקגיין האָט באדאַרפט ברייננען דערצו, צו פארקלענערן אביסל די צערייצטקייט פון די אלע פארשיידענע אידישע שונאים, וואָס האָבן זיך אין ארץ ישראל געפונען קעגן די אידן, צו ווייניקער מעג־לעך מאכן דאָס וועקן פון א מרידה־חשד אין פערסישן הויף אויף דעם נייעם אידישן ישוב.

און גרעץ באַגרינדעט די דאָזיקע מיינונג זיינע וועגן דעם שטרייט, וואָס איז דאַן אָנגעגאַנגען צווישן פאָלק וועגן דעם, ווער עס זאָל דער איינציקער פירער פון פאָלק זיין, אויף דעם וואָס מיר געפינען אין די נבואות פון די נביאים חגי און זכריה.

דעם נביא חגי שטעלט ער ארוים אלס דעם, וואָס איז געווען דער פאָרשטייער פון די עלעמענטן, וואָס האָבן געוואָלט, אז די פירער־שאַפט איבער דעם ישוב זאָל בלייבן ביי זרובבלען.

„אין יענעם טאָג*) — ווערט געזאָגט אין איינער פון זיינע נבואות — וועל איך דיך נעמען — זאָגט גאָט צבאות — זרובבל בן שאלתיאל, מיין קנעכט און וועל דיך מאכן פאר מיין זיגל רינג, וואָרום איך האָב דיר אויסדערוויילט — זאָגט גאָט".

דאַגעגן איז דער נביא זכריה — לויט גרעץ — דער פאָרשטייער פון דער צווייטער ריכטונג. ער האָט גערעדט אין נאָמען פון די, וואָס האָבן געוואָלט, אז די פירערשאַפט איבער דעם אידישן פאָלק זאָל זיין קאָנצענטרירט אין די הענט פון ישוע בן יהוצדק. ער האָט דעם כהן גדול אלס דעם קינפטיקן קעניג פראָקלאַמירט. ער האָט נבואות געזאָגט, אז ער „וועט די קרוין טראָגן, דעם טראָן באַשטייגן

*) פריער רעדט דער נביא וועגן דעם טאָג, ווען גאָט וועט די אלע מלוכות פון דער וועלט אומברייננען.

און דורך דעם וועט די רעאליזירונג פון די אידישע משיח־האפנונגען קומען".

די דאזיקע מיינונג איז אבער — אויב ניט גאר אינגאנצן פאלש — זייער איבערטריבן. אויסער איין שטעלע אין זכריה געפינט זיך אין די טיילן פון תנ"ך, אין וועלכע עס ווערט וועגן יענעם פעריאד יארן גערעדט גאר ניט אזעלכעס, וואס זאל אונז ארויפברייגנען אויף דעם געדאנק, אז עס איז דאן א גרויסער שטרייט אנגעגאנגען צווישן אידישן פאלק וועגן דעם, ווער זיי זאלן אלס זייער איינציקן פירער קרוינען.

און אפילו פון דער דאזיקער איינציקער שטעלע, וואס געפינט זיך אין זכריה, קען מען נאך אויך ניט דאס אלעס אויסדריינגען.

די שטעלע פון זכריה, וועגן וועלכער מיר ריידן, לייענט זיך, ווי פאלגט:

„און דו זאלסט נעמען — זאגט גאט צו זכריהן — זילבער און גאלד און דו זאלסט מאכן קרוינען און דו זאלסט אנטאן אויף דעם קאפ פון יהושע בן יהוצדק דעם כהן גדול. און דו זאלסט זאגן צו אים אזוי צו זאגן: אט אזוי האט גאט צבאות געזאגט: א מאן, וואס צמח (שפראצונג) איז זיין נאמען (וועט קומען) און ער וועט פון זיך ארויסשפראצן — און ער וועט בויען דעם היכל פון גאט. און ער וועט שיינקייט טראגן און ער וועט זיצן און געוועלטיקן אויף זיין שטול, און ער וועט זיין (אדער: דער) כהן אויף זיין שטול. און א פריינדלעך צוזאמענלעבן וועט זיין צווישן זייביידן."*)

נון. איז די זאך אזוי. ווען מיר זאלן אפילו אננעמען, אז אין דער דאזיקער שטעלע ווערט ישוע בן יוצדק פראקלאמירט אלס קעניג, אז זכריה קרוינט אים אין דער דאזיקער נבואה מיטביידע כתרים, אי מיט דעם כתר כהונה און אי מיט דעם כתר מלוכה, איז נאך אלץ ניט קיין סימן, אז עס איז א קנאה־קאמף אנגעגאנגען צווישן די צוויי מנהיגים, אז עס איז א שטרייט אנגעגאנגען אין

*) ולקחת כסף וזהב ועשית עטרות. ושמת בראש יהושע בן יהוצדק הכהן הגדול. ואמרת אליו לאמר: כה אמר ה׳ צבאות לאמר: הנה איש צמח שמו ומתחתיו יצמח ובנה את היכל ה׳. והוא יבנה את היכל ה׳. והוא ישא הוד וישב ומשל על כסאו. והיה כהן על כסאו ועצת שלום תהיה בין שניהם.

פאָלק, ווער עס זאָל ווערן דעם פּלאַץ אָפּטרעטן. אפילו אין דעם פאַל, וואָלט מען ניט באַדאַרפט באַטראַכטן די דאָזיקע נבואה אלס אן אַגיטאַציע צום גונסטן פון ישוע בן יוצדק און קעגן זכריהן. ווארום אין פילע אנדערע ערטער רעדט זכריה מיט ניט ווייניקער ליבע און רעספּעקט וועגן זרובבל, ווי וועגן ישוע בן יוצדק.

פארגלייכנדיק די אידישע באַפעלקערונג אין ארץ ישראל צו א זיבן־רעריקער מנורה, וואָס פארשפרייט העלן ליכט ארום און ארום, באַצייכנט ער זיי ביידן אלס די „שני הזיתים”, די צוויי אוילבירט בוימער, וואָס פאַרזאָרגן מיט בוימעל באַלייכטונג דער דאָזיקער מנורה; אלס די צוויי אוילבירט צווייגן, וואָס שטייען נעבן די צוויי „צנתרות הזהב המריקים מעליהם הזהב” — נעבן די צוויי גאָלדענע רערן פון וועלכע עס גיסט זיך דער ווי גאָלד ריינער בוימעל אין די רערן פון דער מנורה. אלס די „שני בני היצהר” — די צוויי פון גאָט געזאַלבטע משיחים, וואָס שטייען און בעטן פאַר זייער פאָלק פאַר דעם אדון כל הארץ.

און נאָך מער. דאָס זעלבע, וואָס ער זאָגט אין דער אויבנ־געבראַכטער שטעלע וועגן — לויט דער מיינונג פון גרעץ — ישוע בן יוצדק, זאָגט ער פריער וועגן זרובבל.

„און עס איז געוועזן דאָס וואָרט פון גאָט צו מיר — ווערט געזאָגט אין קאַפּיטל ד׳ פון זכריה — אזוי צו זאָגן: „די הענט פון זרובבל האָבן געגרינדעט דאָס דאָזיקע הויז און זיינע הענט וועלן עס פאַרענדיקן”.

און דעריבער וואָלטן מיר אפילו אין דעם פאַל באַדאַרפט דער־קלערן דאָס, וואָס זכריה האָט פּראָקלאַמירט דעם כהן גדול אלס מלך אויף פאָלגענדן אופן: כדי ארויסצונעמען דאָס וואָפן פון מסירות פון די הענט פון די אידישע שונאים, האָט זרובבל באַשלאָסן צו שטעלן זיך אין הינטערגרונט פון עפנטלעכן אידישן לעבן, און אָט דאָס האָט פאַראורזאַכט די נבואה פון זכריה, וועלכע איז ניט קיין אַגיטאַציאָנס־רעדע קעגן זרובבל, נאָר א טרייסט רעדע צו די אידן, אז די האָפנונג זייערע אן איינגענעם מלך צו האָבן, וועט נאָך אלץ ניט פאַרלאָרן גיין דורך דעם דערוויטערן זיך פון זרובבל פון פירער־שאַפט. ווארום גאָט וועט איבער זיי אלס מלך באַשטימען דעם כהן גדול זייערן.

אפילו אין דעם פאל, אלזא, האט דער גאנצער בנין, וואס גרעץ האט אויפגעשטעלט וועגן דעם, אז עס האט אין פאלק א קעגנערשאפט צו זרובבל עקזיסטירט, אז זכריה האט באקעמפט די קאנדידאטור פון זרובבל אלס דער איינציקער הערשער, האט קיין יסוד ניט. ווי דער לעזער האט געהאט די מעגלעכקייט צו איבערצייגן זיך, איז אפילו, ווען מיר זאלן אננעמען, ווי גרעץ וויל האבן, אז די גאנצע אויבנגעבראכטע נבואה גייט אויף ישוע, אפילו דאן, קען זי — אט יענע נבואה — נאר אלס פון אים — פון זרובבל — א פאר־אורזאכטע באטראכט ווערן, אבער ניט אלס אזעלכע, וואס איז פון א קעגן געפיל צו אים מצד דעם נביא דיקטירט געווארן.

אין אמתן אבער איז גאר אינגאנצן קיין נויטווענדיקייט ניט פאראן צו דיינקען, אז די דאזיקע אויבנציטירטע שטעלע באציט זיך גאר אויף דעם כהן גדול. די פראזע „ועצת שלום תהיה בין שניהם", ווי אויך דאס, וואס דער נביא האט פריער אליין גערעדט וועגן זרובבל, ווי וועגן דעם, וואס וועט פארענדיקן דאס בויען פון בית המקדש, דאס אלעם באווייזט, אז עס רעדט זיך אין דער שטעלע וועגן צוויי באזונדערע פערזענלעכקייטן, וועגן איינעם, וואס וועט דעם כתר כהונה טראגן און וועגן דעם צווייטן, וואס וועט טראגן דעם כתר מלוכה.

און דער צווייטער איז טאקי ניט קיין אנדערער, ווי זרובבל, וועלכער ווערט דא אלעגאריש אנגערופן צמח. זכריה רופט אים ניט אן ביי זיין נאמען צוליב דעם אלעגארישן געדאנק, וואס ער האט געוואלט אויסדריקן, אדער ווייל ער האט געדיינקט, אז עס איז גע־זונטער פאר זרובבלן און פאר די האפנונגען, וואס האבן דאן די אידישע הערצער באלעבט, מען זאל זיין נאמען, וואס ווייניקער דערמאנען אין צוזאמענהאנג מיט די גרויסע אידישע גאולה־טרוימען.

עס קען ווידער אויך זיין, אז די דאזיקע נבואה איז געזאגט געווארן אין א מאמענט, ווען זרובבל איז פריער נאך געהאט אוועק־געגאנגען צוליב מאטיוון פון פאליטישן כאראקטער פון דער אידי־שער פירערשאפט. און דעריבער רופט ער אים ניט אן ביים נאמען, נאר ער רופט אים קאנספיראטיוו צמח. ער טרייסט די אידן, אז דער, וואס מוז זיך איצט אויסבאהאלטן, וועט זיך נאך באווייזן און וועט זייער מלך ווערן. און דאס איז דער פשט פון די ווערטער:

„ומתחתיו יצמח". פון דעם אָרט, וואו ער געפינט זיך, וועט ער ארויסשפּראָצן, וועט ער זיך באַווייזן פאַר אייך.

עס קען ווירקלעך גאָר קיין צווייפל ניט זיין, אז די אלע וואָרן פון די פּסוקים גייען כלל ניט נאָר אויף איין פּערזענלעכקייט, נאָר אויף צוויי באַזונדערע פּערזענלעכקייטן. פריער רעדט ער וועגן דעם איש צמח, מיט וועלכן עס ווערט זרובבל געמיינט, און ער זאָגט וועגן אים, אז ער וועט בויען דעם היכל ה' און ער וועט דער יושב על כסא המלוכה זיין. און נאָכדעם רעדט ער וועגן ישוע בן יוצדק און זאָגט וועגן אים, אז אויף דעם כסא הכהונה וועט ער זיצן, און ער פאַרענדיקט, אז עס וועט אָבער צווישן זיי ביידע עצת שלום זיין.

---

אזוי צי אזוי אָבער, א קליינע ווײַלע נאָכדעם, ווי דער בית המקדש איז אויפגעשטעלט געוואָרן, האָט זיך זרובבל, ווירקלעך צו־ריקגעצויגן פון זיין פירערשאַפט. דאָס איז פאָרגעקומען צוליב אוי־סערלעכע און אינערלעכע אורזאַכן. די אויסערלעכע מאָטיוון זיינען דאָס, וואָס זיין צוריקציען זיך האָט געקענט ברענגען דערצו, אז די העצעס פון די אידישע שונאים קעגן דעם נייעם אידישן ישוב זאָלן אביסל פאַרקלענערט ווערן, האָט באַדאַרפט ווירקן, עס זאָלן די מסירות פון די שונאים פון די אידן אין ארץ ישראל וויניקער מעגלעכקייט האָבן צו וועקן פאַרדאַכט פון מרידה אויף זיי אין פּערסישן הויף. און די אינערלעכע אורזאַכן זיינען געווען דאָס, וואָס די אנטוויקלונג פון אידישן ישוב אין ארץ ישראל האָט א נייע ווענדונג אָנגענומען. די האָפנונג זייערע גאָר גיך אויף דעם לעצטן פּונקט פון זייער גאולה טרוים זען רעאַליזירט איז ביי זיי דורך די אלע אנטוישונגען און די אלע נגישות פון זייערע שונאים אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

און וויפיל עס זיינען די דאָזיקע אלע האָפנונגען אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אויף אזוי פיל האָט אויך געמוזט אָפּגעשוואַכט ווערן די פּאָזיציע פון זרובבל, אויף אזוי פיל האָט אויך געמוזט אָפּגעשוואַכט ווערן די נויטווענדיקייט אין זיין פּאָליטישער פירערשאַפט. די נייע אומשטענדן פון דער צייט האָבן ארויסגערוקט מער אין פאָדערגרונט די חשיבות פון גייסטיקן פירער און די נויטווענדיקייט פון גייסטיקער פירערשאַפט. דערצו נאָך האָט דער נייער ישוב גאַנץ קלאָר געזען די טענדענץ פון דער פּערסישער מאַכט איבערצוגעבן די פּאָליטישע

השגחה און די אדמיניסטראטיווע פירונג פון לאנד צו אירע אמבא־סאדארן, וואס האבן זיך געפונען אין די נאענטע צו יהודה צענטרען, אזוי אז דער אמט פון פאליטישער פירערשאפט האט סיי ווי באלד באדארפט נאר א נאמינעלע זיין.

זרובבל האט דאס אלעס באנומען און ער האט באשלאסן אין דער זייט פון עפנטלעכן לעבן אוועקצוגיין און האט די גאנצע פירער־שאפט איבער דעם ישוב דעם כהן גדול איבערגעגעבן.

ער האט זיך איינגעוויליק פון דעם כבוד און רוהם זיינעם אפגע־זאגט אין דעם מאמענט, ווען ער האט אנגעהויבן צו גלויבן, אז עס קען צום גוטן זיין פאר זיין פאלק.

דער מאן, וואס איז אזוי פיל יארן אין צענטער פון די אלע גאולה־האפנונגען געשטאנען, וואס אי דער אידישער ישוב אין בבל און אי דער אידישער ישוב אין ארץ ישראל האבן אלס דעם קינפ־טיקן אידישן קעניג באטראכט, האט זיך שטיל און באשיידן פון דעם עפנטלעכן לעבן צוריקגעצויגן און האט די טיפע עלטערע יארן זיינע אין באשיידנקייט און איינפאכקייט אפגעלעבט.

י״ח

# די רדיפות פון די שומרונים אויפן אידישן ישוב

די טענה פון איינגהאַרציקייט און שאָוויניסטישער סעפּעראַטיזם. — די אמתע מאָטיוון פאר וואָס די עולים האָבן ניט געוואָלט, אז די שומרונים זאָלן זיך באטייליקן אין בויען פון בית המקדש. — די גרי צדק און די שומרונים. — די מורא, אז אנשטאָט די באקערטע גויים זאָלן אידן ווערן, זאָלן גאָר אויך פון די אידן גויים ווערן. — די שווערע פאַראַנטוואָרטליכקייט, וואָס איז געלעגן אויף דעם נייעם אידישן ישוב אין יהודה. — די נויטווענדיקייט צו באלאנסירן ווי געהעריק זייערע באציהונגען און פארהעלטניסע מיט דער פּערסישער מאַכט. — די גרעסטע אכזריות, וואָס א פאָלק קען אמאָל בנוגע זיך אליין באגיין.

פאַרבייגייענדיק האָבן מיר שוין פריער איניקע מאָל אָנגעוויזן אויף די נגישות, וואָס דער נייער ישוב אין יהודה האָט געהאַט אויסצושטיין פון די פרעמדע פעלקערשאַפטן, און ספּעציעל פון די שומרונים, וואָס די עולים האָבן געטראָפן אין און ארום ארץ ישראל. אין דעם פאָלגענדן קאפּיטל וועלן מיר זיך אָפּשטעלן ווענגן דעם דאָזיקן ענין מער אויספירלעך.

באַלד נאָכדעם, ווי די עולים האָבן זיך גענומען פאר דער אויפבויאונגס־ארבעט פון בית־המקדש, זיינען געקומען שליחים פון די כותים, די „צרי יהודה ובנימין”, ווי זיי ווערן דאָרטן באצייכנט, — ווערט אין עזרא ד׳ דערציילט — צו זרובבל און צו די איבעריקע אידישע פאמיליען־פארשטייער און האָבן געזאָגט צו זיי: „מיר ווילן בויען מיט אייך דעם בית המקדש ווארום, ווי איר, פאָרשן מיר צו אייער גאָט און צו אים שעכטן מיר פון די טעג פון אסר חרון — אייסאר חאדאן — מלך אשור, וואָס האָט אונז אויפגעבראכט אהער”.

נאָך א לאַנגן ישוב הדעת אָבער, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די אַלע וויכטיקסטע עלעמענטן פון נייעם אידישן ישוב, איז באַשלאָסן געוואָרן ניט צו דערלויבן די שומרונים אנטייל צו נעמען אין דעם בויען פון בית המקדש.

„און עס האָבן געזאָגט צו זיי — ווערט ווייטער דערציילט אין זעלבן קאַפּיטל — זרובבל און ישוע און די איבעריקע פאַמיליען־פאַרשטייער פון די אידן: „ניט פאַר אייך און פאַר אונז (צוזאַמען) צו בויען א הויז פאַר אונזער גאָט. נאָר מיר אליין וועלן בויען צו גאָט, דעם גאָט פון ישראל, ווי עס האָט אונז באַפוילן דער מלך כורש, דער קעניג פון פרס.*)

און איינקע שרייבער, ספּעציעל, די ניט אידישע, געפינען א „מקום להתגדר בו". ווען זיי קומען צו דעם קאַפּיטל אין דער אידישער געשיכטע. זיי נוצן אוים די מעגלעכקייט וואָס ווערט זיי דאָ געגעבן, א גלאַנץ צו טאָן פאַר דעם לעזער מיט דעם פיינעם זין פאַר טאָלעראַנץ, וואָס זיי פאַרמאָגן. זיי טראָגן א באַשולדיקונגס־אורטייל ארוים בנוגע די טאָן־געבער פון דעם נייעם ישוב צו יענער צייט. זייער מיינונג איז, אז די אידן פון יענער צייט האָבן ניט נאָר אומטאָלעראַנט געהאַנדלט דערמיט, וואָס זיי האָבן פאַרשטויסן פון זיך די כותיים, וואָס האָבן זיך מיט זיי געוואָלט פאַראייניקן, נאָר אויך אכזריותדיק. זיי באַשולדיקן זיי אין איינגהערציקייט און שאָ־וויניסטישן סעפּעראַטיזם. און אפילו ביי גרעצן פילט זיך א מין באַדויערן, וואָס די דאָזיקע פּאַסירונג איז פאַרגעקומען און א מין פאַרענטפערן זיך פאַר דעם עלעמענט פון אכזריות, וואָס זי ענטהאַלט כלומרשט.

און ספּעציעל נאָך דיינקען אָט יענע שרייבער, האָבן די כותיים פולשטענדיק רעכט געהאַט צו פילן זיך באַליידיקט דערפון, וואָס די אידן האָבן זיי ניט געלאָזט זיך אָנשליסן אין זיי, צוליב דעם פאַקט, וואָס אין אַלגעמיין האָט זיך דאָס אידישע פאָלק דאַן כלל ניט גע־האַלטן אָפּגעשלאָסן פון דער ארומיקער וועלט, וואָס אין אַלגעמיין

---

*) ויאמר להם זרובבל וישוע ושאר ראשי אבות ישראל. לא לכם ולנו לבנות בית לאלהינו. כי אנחנו יחד נבנה לה׳ אלהי ישראל, כאשר צונו המלך כורש מלך פרס.

האָט די אידישע וועלט פריי אירע טירן דאַן געעפנט פאַר א גרויסן שטראָם פון גרים, וואָס האָט זיך אין איר דאַן אריינגעריסן. די כותיים האָבן דעריבער, דיינקען אָט יענע שרייבער, פאַלקאָם רעכט געהאַט צו באַטראַכטן די באַהאַנדלונג, מיט וועלכע די פאָרשטייער פון נײַעם ישוב האָבן זיי באגעגנט, אלס א ספּעציעל פאַר זיי געמאַכטע אויסנאַמע, וואָס איר איינציקער צוועק איז געווען טיף זיי צו באַליידיקן.

און זיי פילן ניט די דאָזיקע שרייבער, אז זיי אליין זיינען זיך סותר, אז אָט דער פאַקט, טאַקי, וואָס דאָס אידנטום האָט דאַן ברייט אָפן זיינע טירן געהאַלטן פאַר יעדן איינעם פון א פרעמדן פאָלק, וואָס האָט זיך אין אידישן פאָלק געוואָלט אָנשליסן, וואָס די „לתקן עולם במלכות שדי" שטרעבונגען איז געווען דאַמאָלס איינער פון די צענטראַלסטע פּונקטן אין אידנטום באַווייזט קלאָר, אז מען קען ניט וואַרפן די באַשולדיקונג פון רעליגיעזער איינגהאַרציקייט אויף די פאָרשטייער פון אידנטום פון דער אויבנבאַשפּראָכענער תקופה, אז מען באַדאַרף זוכן די מאָטיוון פון דעם, וואָס די עולים האָבן ניט דערלויבט די כותיים זיך משתתף צו זיין אין בויען פון בית המקדש, אויף א גאַנץ אַנדער פעלד, ווי אויף דעם פעלד פון רעליגיעזער איינגהאַרציקייט און שאָוויניסטישן סעפּעראַטיזם.

און די דאָזיקע מאָטיוון זיינען, ווירקלעך, גאַנץ אַנדערע געווען, און זיי זיינען, נאַטירלעך, אויך זייער ווייט געווען פון וועלן גלאַט מאַכן א ספּעציעלע אויסנאַמע פאַר די כותיים, פון וועלן גלאַט אַזוי באַליידיקן זיי.

און ראשית כל באַדאַרף אָנגעוויזן ווערן אויף דעם ריכטיקן אינהאַלט און כאַראַקטער פון דער אויבן־באַשפּראָכענער האַנדלונג מצד די עולים צו די כותיים.

ראשית כל באַדאַרף פעסטגעשטעלט ווערן דער פאַקט, אז די עולים האָבן כלל ניט אינגאַנצן פאַרשטויסן פון זיך די כותיים. וואָס זיי האָבן געטאָן איז נאָר דאָס: זיי האָבן זיך ניט געוואָלט מיט זיי צוזאַמענגיסן. זיי האָבן זיי אָבער ניט פון אידישן גלויבן אָפּגע־שטויסן. עס זיינען פאַר זיי נאָך אלץ אַלע מעגלעכקייטן געבליבן צו די ריינע רעליגיעזע באַגריפן פון די עולים איבערצוגיין, זיי זאָלן זיך פון זיי — פון די עולים — א מוסר אראָפּנעמען, ווי אין גאַנצ

וועגן זיך צו פירן. זיי האָבן זיי גאָר אָפּגעזאָגט אין דעם, זיי זאָלן זיי משתּף זיין אין דער ארבעט זייערער פון בויען דעם בית המקדש. זיי האָבן זיי אָבער ניט בארויבט פון דער מעגלעכקייט, אז ווען דער בית המקדש וועט אויפגעשטעלט ווערן, זאָלן אויך זיי קענען קומען אהין צו גאָט בעטן, ווי די אַלע אַנדערע פרעמדע עלעמענטן, וואָס וועלן צו גאָט באקערט ווערן. די עולים האָבן ניט מער, ווי נאָר א פאָרזיכטיקע באציאונג ארויסגעוויזן צו די כותיים.

און ווען אפילו מיר וואָלטן געקענט זיכער זיין, אז די שומרונים האָבן די אויפריכטיקסטע כונות געהאט מיט דעם, וואָס זיי האָבן זיך געוואָלט אין דעם בויען פון בית המקדש באטייליקן, ווען מיר זאָלן אפילו זיכער זיין, אז זיי האָבן טאַקי געוואָלט מיט די אידן זיך צענויפגיסן, וואָלט אונז באדארפט אפילו דאַן אָט יענע פאָרזיכ־טיקע באציאונג פארצייַלעך שיינען.

ווארום, ווי אויפריכטיק עס האָבן ניט געקענט אויסזען אין זייערע אויגן די שומרונים אין זייער פארלאנג מיט דעם אידישן פאָלק זיך צו פאראייניקן, האָבן זיי דאָך ניט געקענט אויפנעמען זיי אויף דעם זעלבן אופן, אויף וועלכן זיי האָבן אויפגענומען די גרי צדק, וואָס זיינען מיט זיי פון גלות מיטגעגאנגען אָדער די, וואָס האָבן זיך צו זיי פון אנדערע צענטרען געצויגן; האָבן זיי ניט געקענט האָבן צו זיי די זעלבע באציאונגען, וואָס זיי האָבן געהאט צו די לעצטע, ווייל זיי — די לעצטע גרי צדק — האָבן באוויזן דורך דעם הויכן פרייז, וואָס זיי האָבן דערפאַר באצאָלט, דורך דעם, וואָס זיי האָבן זייער לעבן צעבראָכן, וואָס זיי האָבן גרויסע מאטע־ריעלע קרבנות געבראכט, אז עס קען גאָר דער קלענסטער ספק אפילו ניט זיין ,אז זיי האָבן זיך, ווירקלעך, באמת ובלב שלם צום אידישן גלויבן און צום אידישן פאָלק באקערט, דאַן, ווען עס האָט דאָס אַלעס גאָר אינגאנצן געפעלט ביי די שומרונים. זיי האָבן קיינע קרבנות ניט באדארפט ברייגנען. זיי האָבן זיך ניט באדארפט אָפּזאָגן פון גאָר ניט. זיי זיינען ביי זיך אין לאַנד, אויף זייער אייגענעם באָדן געבליבן, און עס איז גאָר ניט געמינערט געוואָרן פון אַלע זייערע באקוועמלעכקייטן און רחבות, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. פאַרקערט נאָך. פון דעם, וואָס זיי וואָלטן זיך פאראייניקט מיט די

אידן, וואָלטן זיי גאָר פיל געווינען געקענט אין כבוד און אין פּאָלי־טישער מאכט.

אויך דאָן אפילו אָבער, ווען מיר זאָלן דיינקען, אז די עולים האָבן קיין אורזאכע ניט געקענט האָבן צו באַטראַכטן די באַקערונג פון די כותיים אלס א קלענערע אין מדרגה פון דער באַקערונג פון די אַנדערע גרי הצדק, אויך דאַן אפילו וואָלטן מיר געקענט נאָך מיט גענוג אַנדערע מאָטיוון די פּאַרזיכטיקע באַציאונגען זייערע צו די כותיים באַגרינדן.

מיר וואָלטן זי דאַן אויף פאָלגענדן אופן געקענט דערקלערן.

ווי גרויס עס איז ניט געווען דאַן דער באַגער פון די גייסטיקע פירער פון אידישן פאָלק צו זען וואָס מער פרעמדע עלעמענטן צום אידישן גלויבן באַקערט, האָבן זיי אָבער דאָך פאַרשטאַנען, אז א מאַסן־באַהעפטונג פון מיטגלידער פון פרעמדע פעלקער אין דעם אידישן פאָלק, וואָלט ניט קיין גוטס געטאָן דעם לעצטן. אזא דער־שיינונג וואָלט געקענט טראָגן די געפאַר מיט זיך, אז אַנשטאָט די גויים זאָלן אידן ווערן, זאָלן גאָר אויך פון די אידן גויים ווערן. א צו גרויסער מאַסן־איבערגאַנג צום אידנטום, וואָלט געדראָט דער־מיט, עס זאָל גאָר אינגאַנצן אָפּגעווישט ווערן די נאַציאָנאַלע פיזיאָ־נאָמיע פון אידישן פאָלק, די גאַנצע אינדיווידואַליטעט זיינע. ווי גרויס עס האָט דעריבער ניט געקענט זיין זייער פרייד יעדן מאָל, וואָס זיי האָבן געזען, ווי די אידישע משפחה פאַרגרעסערט זיך אין צאָל דורך די צוגעקומענע איינצלנע פרעמדע עלעמענטן, וועלכע וועלן קענען אסימילירט ווערן, ווי געהעריק, אין אידישן פאָלקס־אָרגאַניזם; ווי גרויס עס וואָלט ניט געקענט זיין זייער פרייד אויך דאַן, ווען זיי וואָלטן געזען, אז א גאַנץ פאָלק אפילו, בלייבנדיק אין זיין אייגע־נעם אָפּגעשלאָסענעם סאָציאַל־נאַציאָנאַלן לעבן, האָט זיך צום אי־דישן גלויבן באַקערט — האָבן זיי דאָך אָבער געמוזט זיין קעגן דעם, אז א גאַנץ פאָלק זאָל זיך ניט נאָר רעליגיעז מיט דעם אידישן פאָלק אסימילירן, נאָר אויך נאַציאָנאַל.

און דאַן וואָלט געקענט צוגעגעבן ווערן נאָך א וויכטיקער מאָטיוו פון פּאָליטישן כאַראַקטער.

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אויף דער שווערער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט, וואָס איז געלעגן אויף דעם נייעם אידישן ישוב אין יהודה,

אויף דער פּאָרזיכטיקייט, מיט וועלכער די פּאָרשטייער פון נייעם ישוב האָבן זייער טעטיקייט אויפצושטעלן די חורבות פון לאַנד באַדאַרפט אָנפירן, אויף דעם שווערן נסיון, אין וועלכן די דאָזיקע טעטיקייט האָט זיי געשטעלט, אויף דער נויטווענדיקייט, וואָס איז געשטאַנען שטענדיק פאר זייערע אויגן צו באַלאַנסירן, ווי געהעריק, זייערע באַציאונגען און פארהעלטניסע מיט דער פּערסישער מאַכט. וואָס גרעסער און שטאַרקער עס זיינען זייערע שטרעבונגען און האָפנונגען געווען די פּאָלשטענדיקע הערשער איבער זייער לאַנד צו ווערן, אַלץ מער אין דער שטיל האָבן די דאָזיקע שטרעבונגען און האָפנונגען געמוזט בלייבן, אַלץ מער האָט זייער אָנשטריינונג באַדאַרפט זיין, זיי זאָלן קיין חשד ניט דערוועקן אין פּערסישן הויף, אז זיי האָפן, גאָר אין גאַנצן פון דער פּערסישער הערשאפט זיך צו באַפרייען. זיי האָבן דעריבער געקענט גלויבן, אז ווען זיי וואָלטן פאַראייניקט מיט זיך די כותיים אין דעם בויען פון בית המקדש, וואָלט עס געקענט אויסגעטייטשט ווערן פון דער פּערסישער מאַכט אַלס א שטרעבן צו פאַראייניקן אונטער זייער אויבערהערשאפט און אָנפירן די אַלע פעלקערשאפטן אין יענע אַלע אונטערוואָרפענע אונטער איר פּראָווינצן, אַלס א פּאָרבאַרייטונג צו א פאַראייניקטן קאַמף קעגן איר.*)

אָט אויף אַזאַ אופן וואָלט מען געקענט דערקלערן די האַנדלונג פון די עולים, וואָס זיי האָבן ניט דערלויבט די כותיים צו משתף זיין זיך אין בויען פון בית המקדש, ווען זיי — די לעצטע — זאָלן, ווי געזאָגט, אפילו די זעלבע גרי הצדק געווען זיין, ווי די אַלע אַנדערע, וואָס זיינען צוגעשטאַנען צום אידישן פאָלק, ווען די עולים זאָלן אפילו געוועזן קענען האָבן צו זיי די זעלבע באַציאונגען, ווי צו די אַנדערעגרים, און מען וואָלט כלל ניט געקענט אויך דעם קלענסטן עלעמענט אפילו פון פאַרברעכן געפינען אין איר.

און מען וואָלט אין איר קיין פאַרברעכן ניט געקענט זען אויך דאָן, אפילו, ווען מען וואָלט אין איר אויך א געוויסן עלעמענט פון פיינטלעכקייט געקענט קאָנסטאַטירן.

---

*) אויף דעם ווייזט קלאָר און בולט אָן דער „דיוק בלישנא" פון דער פראזע „כאשר צונו המלך כורש מלך פרס".

ווארום די גרעסטע אכזריות, וואָס איינער קען אמאָל באגיין, איז, ווען ער שטעלט זיין עקזיסטענץ אין געפאר, און דאָס זעלבע איז אויך בנוגע א פאָלק.

ווי אומפריינדלעך אן אקט, וואָס א פאָלק באגייט אמאָל אין באצוג צו א צווייטן פאָלק, זאָל ניט זיין, מוז ער אלס טוגענד בא־טראכט ווערן, ווען ער פארהיט, עס זאָל דורך אים די עקזיסטענץ פון פאָלק אין געפאר ניט געשטעלט ווערן. א קעגנגעזעצטע האנדלונג דאן מצד די פאָרשטייער פון נייעם אידישן ישוב, וואָלט אויב ניט קענען די כותיים, איז קעגן דעם אידישן פאָלק, די גרעסטע אכזריות געווען, וואָלט געווען געהייסן פאר די עולים צו מאכן א פארזוך אויף זעלבסטמאָרד צו באגיין. און דעריבער וואָלט אונז געמוזט קלאָר זיין אפילו דאן, ווען מיר וואָלטן, ווירקלעך אן עלעמענט פון אכזריות געקענט געפינען אין דער האנדלונג פון די עולים, אז עס איז, פשוט, קיין נאטירלעכע מעגלעכקייט ניט געווען פאר זיי צו האנדלען אנדערש; ווי זיי האָבן געהאנדלט. זיי, וואָס דאָס לעבן און עקזיסטענץ פון גאנצן פאָלק האָט ביי יעדן איינעם פון זיי זיין איינן לעבן און עקזיסטענץ געמיינט, האָבן ניט געקענט באגיין אן אקט, וואָס זאָל דעם קיום האומה אין דער קלענסטער געפאר אפילו שטעלן. דער נייער אידישער ישוב, וואָס איז געווען א פראָדוקט פון אן עקזאַלטירטן נאציאָנאַלן אינסטינקט, וואָס האָט אין משך פון דורות דאָס גאנצע אידישע פאָלק אונטער זיין היפּנאָז געהאלטן, האָט ניט געקענט קיין שריט אזעלכן מאכן, וואָס זאָל ניט געווען זיין אין איינקלאנג מיט די האנדלונגען, וואָס עס האָט אים אָט דער עקזאַלטירטער נאציאָנאַלער אינסטינקט דיקטירט.

י״ט

# די בייזע כוונות פון די שומרונים

די נידעריקע מדרגה פון דער רעליגיעזער באַקערונג פון די שומרונים. — די ניט אויפריכטיקייט זייערע. — די טיפע קנאה שנאה געפילן, וואָס די שומרונים האָבן געפילט צו די עולים. — די צושטערט געוואָרענע חלומות זייערע צו ווערן די אמתע יורשים פון אידישן פאָלק. — דער אמתר בן מלך האָט זיך באוויזן, און די פרעטענזיעס און האָפנונגען פון פאלשן בן מלך זיינען צונישט געוואָרן. — די בייזע כוונות פון די שומרונים. — זייערע אמתע כוונות מיט דער ליבעס דערקלערונג זייערער צום אידישן פאָלק. — דער להשמיד ולהרוג ולאבד קאמף, וואָס זיי האָבן פון דאן אָנגעהויבן צו פירן געגן אידישן פאָלק. — זייער גיפטיגע טעטיקייט געגן די אידן אין דער צייט פון קאמביז. — די דאָזיקע טעטיקייט ווערט מיט דערפאָלג געקרוינט. — די ארבעט פון בויען דעם בית המקדש ווערט אויף פילע יאָרן אָפּגעשטעלט. — אין צווייטן יאָר פון דריושס הערשאפט ווערט די ארבעט ווידער באנייט.

מיט די דאָזיקע אלע מאָטיוון, אלזא, וואָלט מען געקענט דער־קלערן דאָס, וואָס די עולים האָבן ניט דערלויבט די כותיים צו משתתּף זיין זיך אין דעם בויען פון בית המקדש, ווען מיר זאָלן אפילו אָננעמען, אז די כותיים זיינען געשטאנען אויף דער העכסטער מדרגה, אויף וועלכער עס קענען נאָר בעלי תשובה שטיין.

אין אמתן אָבער איז „מעקרא דדינא פירכא״. די לאַגע דאָן איז נאָר אין גאנצן אנדערש געווען. ניט נאָר איז די רעליגיעזע באַקערונג פון די שומרונים אויף א נידעריקער מדרגה געשטאַנען, ווי די באַקערונג פון די ווירקלעכע גרי צדק, וואָס האָבן זיך דאַן אין אידישן פאָלק אָנגעשלאָסן, נאָר זי איז נאָר אין גאַנצן קיין ווירקלעכע באַקערונג ניט געווען. די שומרונים זיינען נאָר אין גאַנצן ניט אויפריכטיק געווען אין דעם וואונש, וואָס זיי האָבן אויסגעדריקט

צו פאַראייניקן זיך מיט דעם אידישן פאָלק. זיי האָבן זיך געוואָלט אָנשליסן אין דעם אידישן פאָלק ניט דאַרויף, זיי זאָלן דעם מער גאַנצקייט און מער שטאַרקייט צוגעבן, נאָר דאַרויף, זיי זאָלן פאַר דעם מער צעשטערונג און שאָדן פון אינווייניק קענען ברייגנען. זיי האָבן דעם אידישן פאָלק ניט פאַרגונען דעם צוריקגעקערטן צו אים כבוד. זיי האָבן אים ניט פאַרגונען די פאַרווירקלעכונג פון זיינע האָפנונגען. א גיהנום־פייער פון שנאה־קנאה־געפילן האָט אין זייער האַרצן געברענט צו די צוריק פון בבל קיין ארץ ישראל געקומענע אידן.

דורך דעם, וואָס די אידן זיינען פון זייער לאַנד פאַרטריבן געוואָרן און דער בית המקדש זייערער איז חרוב געוואָרן, האָבן זיך די כותיים אָנגעהויבן צו באַטראַכטן אלס די יורשים פון אידישן פאָלק. זיי האָבן געגלויבט, אז אָפגעפרעמדט פון אייגן לאַנד, לעבנדיק אין א פרעמדער סביבה, וועלן די אידן צו גרונט גיין, וועלן זיי דאַן דורכדעם דאָס פלאַץ פון אידישן פאָלק פאַרנעמען. זיי וועלן דאַן פאַר דער וועלט אלס די ווירקלעכע אידן גילטן. זיינען אָבער געקומען די עולים און האָבן אלע זייערע חלומות און האָפנונגען צושטערט. עס האָבן זיך באַוויזן פלוצלינג פאַר די אויגן פון די „געמאַכטע" אידן די ווירקלעכע אידן, און האָבן זיי פון זייער אזוי שוין פעסט־געהאַלטענער ירושה באַרויבט. עס איז געקומען דער אמתער בן־מלך און האָט אָפגעשניטן פון דעם פאַלשן בן־מלך די אלע וועגן, וואָס האָבן אים באַדאַרפט צום געגאַרטן פון אים טראָן פירן.

און די עולים האָבן גאַנץ גוט געוואוסט די בייזע געפילן, וואָס די כותיים האָבן געפילט צו זיי, און זיי האָבן געזען קלאָר די אלע בייזע כונות, וואָס זיינען געלעגן באַהאַלטן אין דעם פאַרלאַנג זייערן צו פאַראייניקן זיך מיט זיי אין דער בויאונגס־אַרבעט פון בית המקדש.

און דעריבער זיינען זיי אזוי פאַרזיכטיק געווען און האָבן זיי די דערלויבניש, וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט, ניט געגעבן.

און אז זיי — די כותיים — זיינען ניט געווען אויפריכטיק אין דעם וואונש, וואָס זיי האָבן אויסגעדריקט צו באַטייליקן זיך אין דעם בויען פון בית המקדש, באַווייזט קלאָר די אויפגערעגטקייט און צערייצטקייט, אין וועלכער זיי זיינען אריינגעבראַכט געוואָרן דורך

דעם, וואָס די עולים האָבן זיי אין זייער פּאַרלאַנג אָפּגעזאָגט. די אָנגעשטריינגטע ענערגישע טעטיקייט, וואָס זיי האָבן נאָכדעם ארויס־געוויזן דאַרויף, דאָס בויען פון בית המקדש זאָל ניט פאַרטגעזעצט ווערן, איז מער ווי נאָר א גענייגנדער באַווייז, אַז אויך פריער איז פיל מער, ווי זיי זיינען אויסן געווען, זיי זאָלן ווירקלעך זייער הילף געבן די עולים צו בויען דעם בית המקדש זיינען זיי אויסן געווען צו דערוווערבן די פּאָסיקע מעגלעכקייט, זיי זאָלן וואָס מער אין דער דאָזיקער אַרבעט זיי קענען שטערן. פון דער גיפטיקער שנאה, וואָס זיי האָבן נאָכדעם אָפּן ארויסגעוויזן צום אידישן פאָלק, זעט מען, אַז די דאָזיקע שנאה האָט נאָך אויך פריער פאַר זיך א וואַרימען נעסט אין זייערע הערצער געפינען. ווען זיי וואָלטן פריער ווירקלעך אמתע „אוהבים" געווען פון אידישן פאָלק, וואָלטן זיי אין אַזוינע גיפטיקע „אויבים" ניט געקענט נאָכדעם פאַרוואַנדלט ווערן. ווי טיף באַליידיקט זיי האָבן זיך ניט געקענט פילן פון דעם, וואָס די עולים האָבן זיי ניט דערלויבט צו באַטייליקן זיך אין דעם בויען פון בית־המקדש, האָבן זיי דאָך אָבער דורך דעם אין פאַרביטערטע שונאים ניט געקענט פאַרוואַנדלט ווערן, ווען זיי וואָלטן עס פון פריער ניט געווען זיין. עס איז דאַרויף דער נויטיקער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט ניטאָ, מיר זאָלן קענען זען אין דעם פאַקט דעם בריק, וואָס האָט זיי פון זייער פריעריקן הייסן באַגער, זיך אָנצושליסן אין דעם אידישן פאָלק, צו די שפּעטערדיקע גיפטיקע מסירות זייערע אויף דעם אידישן ישוב געקענט פירן.

און פון דעם פּסוק אין עזרא ג', ג', וועלכער לייענט זיך: ויכונו המזבח על מכונתו, כי באימה עליהם מעמי הארצות" — און זיי האָבן א פאַרפעסטיקטן דעם מזבח אויפגעשטעלט, ווארום עס איז געווען אויף זיי דער פחד פון די פעלקער פון די לענדער — איז צו זען, אַז דער טיטול פון „צרי יהודה ובנמין", מיט וועלכן זיי — די כותיים — ווערן באַצייכנט אין עזרא, אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער דערקלערן זיך אין ליבע צום אידישן פאָלק אין דעם מאָמענט, ווען זיי — די עולים — זיינען צוגעטראָטן צו בויען דעם בית המקדש — אַז דער דאָזיקער טיטול איז זיי געגעבן געוואָרן פאַר מעשים טובים, מיט וועלכע זיי זיינען פריער גאָך ארויסגעטראָטן געגן אידישן פאָלק. אויב אפילו אין דעם אויבן ציטירטן „מעמי

הארצות" ווערן ניט אויסשליסלעך*) נאָר די כותיים געמיינט, ווערן אָבער זיכער מיט אים הויפּטזעכלעך — אָדער, אַלנפאַלס, אויך — זיי געמיינט. עס קען ניט זיין אנדערש לויט דעם גאַנצן צוזאַמענ־האַנג אין וועלכן עס ווערט גערעדט וועגן זיי אין גאַנץ עזרא און נחמיה.

שוין באַלד, אַלזאָ, ווי די אידן האָבן זייערע פיס אוועקגע־שטעלט אויף דעם ארץ ישראל באָדן, האָבן זיי זיך אויף גיפטיקער שנאה מצד די שומרונים אָנגעשטויסן. זיי — די שומרונים, האָבן ניט באַדאַרפט ערשט ווערן שונאים פון אידישן פאָלק. שוין באַלד פון ערשטן טאָג, ווען די אידן זיינען קיין ארץ ישראַג געקומען, האָבן זיי פאַר זיך אין זיי פאַרביסענע שונאים געפונען. און אין איינעם פון אונזערע גאָר עלטערע היסטאָרישע אַנאַלען — אין מגילת תענית — ווערט געזאָגט, אז נאָך איידער די אידען זיינען קיין יהודה געקומען, אז שוין אויף זייער וועג צו באַזעצן זיך אויף דעם באָדען, פון וועלכן זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן, האָבן זיי געהאַט אויסצור־שטיין צרות פון די כותיים. ווען זיי זיינען פאַרביי זייער גרעניץ דורכגעגאַנגען, האָבן זיי די אידן זייער טעריטאָריע ניט געלאָזט דורכגיין. זיי זיינען די איינציקע געווען צווישן די פעלקערשאַפטן אַרום לאַנד יהודה, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין א קאַמף מיט זיי, צו שטערן זייער צוריקקומען קיין יהודה.

---

סיי ווי אבער, באַלד נאָכדעם, ווי זרובבל און די איבעריקע אידישע פאַמיליען־פאַרשטייער האָבן מודיע געווען דעם באַשלוס זייערן צו די כותיים, האָבן די לעצטע, ווירקלעך, אָנגעהויבן פירן קעגן דעם אידישן פאָלק א פאַרביטערטן קאַמף, וועלכער האָט דורות און דורות אָנגעהאַלטן, וועלכער האָט זיין שטעמפּל אויף פילע מאָמענטן פון דער אידישער געשיכטע אַרויפגעלייגט, א פאַרביטערטן קאַמף, אין וועלכן זיי האָבן זיך מיט די מערדערלעכסטע און שמוציקסטע מיטלען באַנוצט.

---

*) הם העכו"ם אשר הושיב סנחרב בארץ ישראל, כמו שנאמר — מלכים ב׳, י"ז — „ויבא מלך אשור מבבל ומכותה ומעוה ומחמת ומספרוים ויושב אותם בערי שומרון תחת בני ישראל — רש"י אין עזרא ד׳, א׳.

ווען מען שטעלט זיך אָפּ דאַרויף, ווי דערפינדעריש און איינ־געשפּאַרט זיי זיינען געווען אין זייער קאַמף צוצושטערן דאָס בויען פון בית המקדש, זעט אויס גלייך, ווי זיי וואָלטן אין אָט דעם קאַמף די אויפגאַבע פון זייער לעבן געזען. זיי האָבן זיך, ווירקלעך, ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיינע מיטלען, ווען זיי האָבן נאָר געהאָפט דורך זיי זייער ציל דערגרייכן. זיי האָבן געזוכט צו שטערן די אַרבעט פון בויען דעם בית המקדש פון אינווייניק און פון דרויסן.

פון איין זייט האָבן זיי געזוכט מוטלאָזיקייט צווישן די אידישע מאַסן. זיי האָבן קאַלטע וואַסער געגאָסן אויף זייער ענטוזיאַזם און דורך פאַרשיידענע מיטלען א שרעק אָנגעוואָרפן אויף זיי, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון דער אויפבויאונגס־אַרבעט.

און פון דער צווייטער זייט האָבן זיי אונטערגעקויפט פאַרשיי־דענע עלעמענטן פון דער פערסישער אדמיניסטראַציע אין און אַרום יהודה, זיי זאָלן שטערן די עולים אין זייער אַרבעט.

און א נאָך מער ניפטיקע טעטיקייט האָבן זיי אָנגעפירט קעגן די אידן, ווען קאַמביז, דער זון פון כורש, איז אַרויף אויף דעם פּער־סישן טראָן נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער, אין יאָר 530 פאַר דער נייער ערא.

באַלד ווי ער איז נאָר אַרויף אויף דעם טראָן, האָבן זיי צו אים — ווערט דערציילט אין עזרא ד׳ — די פאָלגנדע מסירה געשיקט.

„עס זאָל זיין באַוואוסט דעם קעניג, אַז די אידן, וואָס זיינען געקומען פון דיר צו אונז, זיינען געקומען קיין ירושלים; די שלעכטע און ווידערשפּעניקע שטאָט בויען זיי און אירע ווענט פאַרפעסטיקן זיי און פאַרשטאַרקן דעם יסוד אירן. זאָל עס באַוואוסט זיין צום מלך, אַז ווען די דאָזיקע שטאָט וועט אויפגעבויט ווערן און די ווענט וועלן פאַרפעסטיקט ווערן, וועלן דאַן די צינזן און די אָפּצאָלונגען ניט געגעבן ווערן צו דיר און דער איינקונפט פון דעם קעניג וועט שאָדן ליידן“.

„און ווייל די זאַלץ פון פּאַלאַץ עסן מיר איז ניט גוט פאַר אונז צו זען די שאַנדע פון מלך. און דעריבער שיקן מיר און מיר זיינען דיר מודיע דאָס אַלעס“.

„זאָל דער קעניג נאָכזוכן אין ספר הזכרונות פון דיינע עלטערן וועסטו געפינען אין ספר הזכרונות און וויסן, די דאָזיקע שטאָט איז

א ווידערשפעניקע שטאָט און ברענגט שאָדן צו קעניגע און לענדער. און אומאויפהערלעך קומט דאָס אלעס פאַר פון אייביק אָן, און דערפאר איז אויך די דאָזיקע שטאָט חרוב געוואָרן. מיר זיינען מודיע צום קעניג, אז ווען די דאָזיקע שטאָט וועט אויפגעבויט ווערן די ווענט וועלן פארפעסטיקט ווערן, וועסטו דורך דעם שוין מער קיין טייל ניט האָבן אין די פּראָווינצן פון דער זייט טייך".

און די דאָזיקע מסירה זייערע, וועלכע מוז ביי אונז — אגב — פון גרויס אינטערעס זיין צוליב דעם, וואָס מיר זען דורך איר, אז די אנשויאונג פון דער פרעמדער וועלט וועגן דעם אידישן פאָלק אלס א רעוואָלוציאָנערן פאָלק, האָט שוין אזא טיף־גרויע עלטער הינטער זיך, אז שוין דאן נאָך האָבן זיך די שונאי ישראל באנוצט מיט דער באשולדיקונג, אז דאָס אידישע פאָלק באזיצט א רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראמענט, אז די אידן זיינען צעשטערער, אלס מיטל, כדי צו רעכטפערטיקן דורך דעם די רשעות, וואָס ווערט באגאנגען קעגן אידן און כדי ארויסצורופן דורך איר נאָך מער רשעות קעגן זיי — די דאָזיקע מסירה זייערע האָט זיך מיט גרויס דערפאָלג געקרוינט.

די שונאי ישראל — ווערט דערציילט אין אויבנדערמאָנטן קאַפּיטל — האָבן פון קעניג די פאָלגנדע תשובה דערהאלטן:

„די בריוו, וואָס איר האָט מיר געשיקט, האָט מען קלאָר און דייטלעך איבערגעלעזן פאר מיר. און עס איז פון מיר ארויסגעגעבן געוואָרן א פאַראָרדנונג און מען האָט געזוכט און מען האָט געפונען, אז די דאָזיקע שטאָט ווייזט גאוה ארויס אנטקעגן די קעניגע און איז מורד אין זיי. און שטארקע מלכים זיינען געוועזן איבער ירושלים, און זיי האָבן געוועלטיקט איבער דעם גאנצן עבר הנהר. און צינזען און אָפּצאָלונגען זיינען זיי געגעבן געוואָרן".

„און איצט גיט ארויס א פאַראָרדנונג צו שטערן די דאָזיקע מענטשן אין זייער ארבעט און די דאָזיקע שטאָט זאָל ניט געבויט ווערן ביז עס וועט פון מיר ארויסגעגעבן ווערן א פאַראָרדנונג". און ניט אכטונג אצינד, איר זאָלט קיין טעות ניט מאכן. צו וואָס זאָל זיך מערן דער שאָדן צו שאַדן דעם קעניג?"

„און ווען אָט די קאָפּיע פון בריוו — פאַרענדיקט זיך דאָרטן דער ספּור המעשה — איז איבערגעלייענט געוואָרן פאר רחום דעם

סעקרעטאר און שמשא דעם שרייבער און די איבעריקע — זיינען זיי געגאנגען אין איילעניש קיין ירושלים צו די אידן און האבן זיי מבטל געווען מיט קראפט און מאכט פון זייער ארבעט".

„און דאן איז בטל געווארן די ארבעט פון בויען דאס הויז פון גאט, און די הפסקה האט אנגעהאלטן ביז דעם צווייטן יאר פון קעניגן פון דריוש, דער קעניג פון פרס".

פון דעם ווי דער ספור המעשה ווערט דערציילט אין עזרא בעדארף מען פארשטיין, אז אין די יארן פון כורשם הערשאפט זיינען די אידן דאך נאך ווי עס איז אנגעגאנגען מיט זייער בויאונגס ארבעט, טראץ די אלע שטערונגען, וואס די לאקאלע אדמיניסטראציע האט פאר זיי צוגעטראכט. איננאנצן האבן זיי זי אויך דאן ניט אפגעשטעלט. ווארום זיי האבן דאך געהאט דעם גוטן ווילן און די פריער געגעבענע דערלויבעניש דערויף פון כורש.

צוליב די שווערע מלחמות, אין וועלכע כורש איז פארוויקלט געווארן באלד נאכדעם, ווי ער האט ארויסגעגעבן זיין באפרייאונגס פראקלאמאציע פאר די גולים אין בבל און פון וועלכע ער האט זיך ניט געקענט באפרייען ביז צום טויט זיינעם, איז געווארן מעגלעך פאר דער לאקאלער אדמיניסטראציע צושטעלן דעם אידישן ישוב אין יהודה אונטער דער דיקטאטור פון זייער בייזן ווילן. זיי האבן דאך אבער ניט געקענט גאר אינגאנצן לויז לאזן דעם דאזיקן בייזן ווילן זייערן. זיי האבן דאך אבער ניט געקענט האנדלען בנוגע דעם אידישן ישוב אין ארץ ישראל אויף א וועג, גלייך, ווי אויך כורש וואלט אין באצוג צו דעם דאזיקן בייזן ווילן א שותף צו זיי געווען. זיי זיינען געווען זיכער, אז וויסנדיק, ווי פארנומען כורש איז מיט פראבלעמען, וואס זיינען פון לעבנס אינטערעס פאר זיין הערשאפט, וועלן די אידן אליין קיין פארזוך ניט מאכן אריינצוציען אים אין די סכסוכים, וואס עס זיינען ענטשטאנען צווישן זיי און די, וואס פארטרעטן אים—כורשן—אין זיין הערשאפט איבער זיי. זיי זיינען געווען זיכער, אז אין אזא צייט וועלן זיי זייערע קריוודעס ניט ברענגען פאר אים, און אפילו אויב יא, וועט ער קיין אויפמערק-זאמקייט ניט שענקען. זיי האבן געמוזט דעריבער זייער רשעות דאך אביסל געצוימט האלטן, כדי עס זאל ניט געשאפן ווערן א לאגע פון פארצוויפלונג פאר דער אידישער באפעלקערונג, וועלכע וואלט סוף

כל סוף דאָך געמוזט טרייבן זיי צו ווענדן זיך מיט קלאָגן אויף זיי צו כורשן. זיי האָבן דעריבער דאָך געמוזט אביסל זייער בייזן ווילן געצוימט האַלטן אוים מורא, אז ווען דער קלאַנג וועגן די מעשים תעתועים זייערע וועט כורשן דערגרייכן, וועט ער דאָך מוזן די גע־קריווודעטע זיין אויפמערקזאמקייט שענקען.

אין פולער קראַפט האָבן זיי דעריבער די מאַכט פון זייער בייזן ווילן אָנגעהויבן איבער דעם אידישן לעבן אין יהודה צו פאַרשפּרייטן, ווען דער אכזריותדיקער און אידן־פיינטלעכער קאַמביז איז אויפן פערסישן טראָן ארויף.

און ווען די מלחמות, וואָס קאַמביז האָט געפירט מיט מצרים און עטיאָפּיע, זיינען געווען צו ענדע און ארץ ישראל איז שוין פריי געווען פון די פערסישע חיילות, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען דורך יהודה און האָבן פילע צרות פאַרשאַפט די איינוואוינער אירע, ערשט דאַן האָבן די פאַרשטייער פון ישוב זיך גענומען נאָכאמאָל צום בויען פון בית המקדש. זיי האָבן זיך דאַן מיט גרוים איבערגעבנקייט אריינ־געוואָרפן אין דער ארבעט און זיי האָבן זיך ניט געוואָלט אָפּזאָגן פון איר אויך דאַן, ווען די פאַרטרעטער פון דער פערסישער מאַכט אין די פּראָווינצן, צו וועלכע עס האָט אויך פּאַלעסטינא באַלאַנגט, האָבן געמאַכט א פאַרזוך צו שטערן זיי אין זייער ארבעט.

די עולים האָבן פאָרטגעזעצט זייער ארבעט, ניט וועלנדיק אונ־טערוואַרפן זיך אונטער די באַפעלן פון די פאַרטרעטער פון דער פערסישער מאַכט און האָבן געפאָדערט, אז די זאַך זאָל פאַרגעבראַכט ווערן פאַר דעם קעניג דריוש.

און דער קעניג האָט ניט נאָר דערלויבט זיי אָנצוגיין מיט דער ארבעט, נאָר ער האָט אויך באַפוילן זיינע שטעל־פאַרטרעטער, מען זאָל זיי העלפן מיט גאָלד פון דער קעניגלעכער קאַסע.

וועגן די דאָזיקע פּאַסירונגען ווערט אין עזרא — אין די קאַ־פּיטלען ה׳ און ו׳ — אויף פאָלגענדן אופן דערציילט:

דענסטמאָל*) זיינען אויפגעשטאַנען זרובבל, דער זון פון שאלתיאל, און ישוע דער זון פון יוצדק, און האָבן אָנגעהויבן בויען

*) נאָכדעם ווי דריוש איז געוואָרן דער פערסישער הערשער.

דאָס הויז פון גאָט, וואָס אין ירושלים, און מיט זיי זיינען געווען די נביאים פון גאָט, וואָס האָבן זיי געהאָלפן.

און אָט יענער צייט זיינען צו זיי געקומען תתני (טאטנאי) דער פחה פון יענער זייט טייך און שתר בוזני (שסאר בויזנאי) און די חברים זייערע, און האָבן צו זיי אזוי געזאָגט: ווער האָט אייך געגעבן אן ערלויבעניש צו בויען דאָס דאָזיקע הויז און צו פאַר־ענדיקן דעם דאָזיקן מויער? דענסטמאָל האָבן מיר זיי, ווי עס איז אָנגעגעבן, אָנגערופן די נעמען פון די מענטשן וואָס בויען דעם דאָזיקן בנין.

און דאָס אויג פון גאָט איז געווען אויף די עלטסטע פון יהודה און זיי האָבן זיי ניט מבטל געווען פון דער ארבעט ביז די זאַך וועט קומען פאר דריוש און מען וועט דענסטמאָל ברענגען א תשובה וועגן דעם.

(און דאָס איז) דער נוסח פון דעם בריוו, וואָס תתני דער פחה פון יענער זייט טייך, און שתר בוזני, און זיינע חברים, די אפרסכאער וואָס פון יענער זייט טייך, האָבן געשיקט צום מלך דריוש; זיי האָבן צו אים געשיקט א בריוו, און אזוי איז געווען געשריבן אין אים.

גאָרער פרידן צום מלך דריוש! זאָל דעם מלך באוואוסט זיין, אז מיר זיינען געגאנגען צו דער מדינה יהודה צום הויז פון גרויסן גאָט, און עס ווערט געבויט פון שווערע שטיינער, און האָלץ ווערט אריינגעטאָן אין די ווענט, און די דאָזיקע ארבעט ווערט געטאָן פלייסיק, און זי באגליקט אין זייער האנט. האָבן מיר דענסטמאָל געפרעגט די דאָזיקע עלטסטע: מיר האָבן צו זיי אזוי געזאָגט: ווער האָט אייך געגעבן אן ערלויבעניש צו בויען דאָס דאָזיקע הויז, און צו פארענדיקן דעם דאָזיקן מויער? און אויך זייערע נעמען האָבן מיר געפרעגט ביי זיי, כדי דיר צו לאָזן וויסן, כדי מיר זאָלן אויפשרייבן פאר דיר די נעמען פון די מענטשן וואָס זיינען זייערע אָנפירער.

און זיי האָבן אונז געענטפערט אזוי צו זאָגן: מיר זיינען די קנעכט פון דעם גאָט פון הימל און מיר בויען אָפּ דאָס הויז, וואָס איז מיט פילע יאָרן פאר דעם שוין געווען געבויט; און א גרויסער מלך פון ישראל האָט עס געבויט און פארענדיקט. אבער ווייל אונ־

זערע עלטערן האָבן דערצאָרנט דעם גאָט פון הימל האָט ער זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון נבוכדנצר דעם כשדי, דער מלך פון בבל; און ער האָט צושטערט דאָס דאָזיקע הויז, און האָט פאַר־טריבן דאָס פאָלק קיין בבל. אבער אין ערשטן יאָר פון כורש דעם מלך פון בבל, האָט דער מלך כורש געגעבן א באַפעל צו בויען דאָס דאָזיקע הויז פון גאָט. און אויך די כלים פון גאָטס הויז, די גילדערנע און די זילבערנע, וואָס נבוכדנצר האָט ארויסגענומען פון רעסטעמפּל וואָס אין ירושלים, און זיי אוועקגעפירט אין דעם טעמפּל פון בבל, האָט דער מלך כורש ארויסגענומען פון דעם טעמפּל וואָס אין בבל, און זיי זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צו איינעם מיטן נאָמען ששבצר, וואָס ער האָט אים געמאכט פאַרן פחה. און ער האָט צו אים געזאָגט: נעם די דאָזיקע כלים; גיי לייג זיי אוועק אין דעם טעמפּל וואָס אין ירושלים, און זאָל דאָס הויז פון גאָט געבויט ווערן אויף זיין אָרט. דענסמאָל איז דער דאָזיקער ששבצר געקומען; ער האָט געלייגט די גרונדפעסטונגען פון גאָטס הויז וואָס אין ירושלים, און פון דענסמאָל אָן און ביז אצונד ווערט עס געבויט, און איז נאָך ניט פאַרטיק. און אצונד, אויב דעם מלך איז וואויל געפעלן, זאָל נאָכגעזוכט ווערן דאָרטן אין דער שאצקאַמער פון דעם מלך וואָס אין בבל, אויב דאָס איז אזוי, אז פון מלך כורש איז געגעבן געוואָרן א באַפעל צו בויען דאָס דאָזיקע הויז פון גאָט אין ירושלים; און זאָל ער אונז שיקן דעם ווילן פון מלך וועגן דעם.

און דענסמאָל האָט דער מלך דריוש געגעבן א באַפעל, און מען האָט נאָכגעזוכט אין דער ביכער קאַמער וואָס מען לעגט דאָרטן אוועק די שאצן אין בבל. און עס איז געפונען געוואָרן אין אחמתא, אין דער הויפּט־שטאָט, וואָס אין דער מדינה מדי, א מגילה, און אזוי איז געווען געשריבן אין איר: צום געדענקען: אין ערשטן יאָר פון מלך כורש, האָט דער מלך כורש געגעבן א באַפעל וועגן דעם הויז פון גאָט אין ירושלים — זאָל דאָס הויז געבויט ווערן פאַר אן אָרט וואו מען שלאכט שלאכטאָפּפער, און זיינע גרונטפעסטן זאָלן געלייגט ווערן שטארק; זיין הויך זאָל זיין זעכציק איילן, זיין ברייט זעכציק איילן; מיט דריי שיכטן פון שווערע שטיינער און א שיכט פון א נייעם האָלץ; און די הוצאות זאָלן געגעבן ווערן פון מלכס הויז. און אויך די גילדערנע און זילבערנע כלים פון גאָטס הויז, וואָס

נבוכדנצר האָט ארויסגענומען פון דעם טעמפּל וואָס אין ירושלים, און אוועקגעפירט קיין בבל, זאָל מען אומקערן, און זאָל דאָס צוריק־גיין צו דעם טעמפּל וואָס אין ירושלים אויף זיין אָרט, און זאָלסט עס אוועקלעגן אין הויז פון גאָט.

(און באלד נאָכדעם האָט דער מלך דריוש געשריבן צו תתני און זיינע חברים:) „אצונד תתני, דער פּחה פון יענער זייט טייך, שתרבוזני און אייערע חברים די אפרסכאער וואָס אויף יענער זייט טייך, האלט זיך ווייט פון דאָרטן. לאָזט צו רו די ארבעט פון דעם דאָזיקן הויז פון גאָט. זאָל דער פירשט פון די אידן, און די עלטסטע פון די אידן בויען דאָס דאָזיקע הויז פון גאָט אויף זיין אָרט. און פון מיר ווערט געגעבן א באפעל וועגן וואָס איר זאָלט טאָן פאר די דאָזיקע עלטסטע פון די אידן, כדי צו בויען דאָס דאָזיקע הויז פון גאָט: אז פון דעם מלכס אייגנטום, פון דעם אָפּצאָל פון יענער זייט טייך, זאָל אויף גיך געגעבן ווערן די הוצאות צו די דאָזיקע מענטשן, כדי ניט צושטערן. און וואָס זיי האָבן נויטיק, סיי יונגע אָקסן, סיי ווידערס און שעפּסן, אויף אויפצוברענגען צום גאָט פון הימל, ווייץ, זאלץ, וויין און אייל, לויט דעם פארלאנג פון די כהנים וואָס אין ירושלים, זאָל זיי געגעבן ווערן טאָג אין טאָג ניט פארפעלט, כדי זיי זאָלן מקריב זיין קרבנות צום גאָט פון הימל, און בעטן פאר דעם לעבן פון מלך און זיינע קינדער. און פון מיר ווערט געגעבן א באפעל, אז יעטוועדער איינער וואָס וועט ענדערן דאָס דאָזיקע וואָרט, זאָל א באלקן ארויסגעריסן ווערן פון זיין הויז, און ער זאָל צוגעשלאָגן ווערן דערויף אין דער הויך; און זיין הויז זאָל געמאכט ווערן פאר א מיסטהויפן דערפאר. און דער גאָט וואָס האָט געמאכט רוען זיין נאָמען דאָרטן זאָל צו דרערד וואַרפן יעדן מלך און פאָלק וואָס וועט אויסשטרעקן זיין האנט דאָס צו ענדערן, כדי צוצושטערן דאָס דאָזיקע הויז פון גאָט וואָס אין ירושלים. איך דריוש האָב געגעבן דעם באפעל. זאָל ער געטאָן ווערן אויף גיך.

דערנאָכמאָל, ווייל דער מלך דריוש האָט אָט דעם באפעל געשיקט, האָבן תתני, דער פּחה פון יענער טייך, שתר בוזני, און זיינע חברים, אויף גיך אזוי געטאָן. און די עלטסטע פון די אידן האָבן געבויט

און האָבן באַגליקט, לויט דער נבואה פון חגי דעם נביא און זכריה דעם זון פון עדואן.*)

און עס זיינען ניט מער ווי אַרום פיר יאָר אַוועקגעגאַנגען און דער בית המקדש איז פאַרטיק געוואָרן, נאָכדעם, ווי עס זיינען פאַראיבער קאַרגע זיבעציק**) יאָר פון דעם חורבן בית ראשון.

„און די אידן — ווערט דערציילט אין עזרא ו׳ — די כהנים און די לוים און די איבעריקע בני הגולה האָבן באַנייט דעם בית המקדש מיט גרוים פרייד".

צוגעטראָטן צום ווידערבויען פון בית המקדש זיינען זיי דעם 24טן פון חודש כסלו פון יאָר 521 פאַר דער אַלגעמיינער צייט־רעכנונג, און פאַרענדיקט האָבן זיי דאָס בויען דעם דריטן אדר פון יאָר 516, אַ קורץ שטיקל צייט פאַר פסח. און באַלד ווי דער בנין פון בית המקדש איז פאַרענדיקט געוואָרן האָבן זיך אָנגעהויבן די אידן דאַן צענויפקומען קיין ירושלים פון אַלע אַרומיקע פונקטן, צו פייערן דאָרטן דעם יום־טוב פסח.

„און זיי האָבן געמאַכט דעם יום־טוב — ווערט געזאָגט און אויבן ציטירט קאַפּיטל — פון מצות זיבן טעג מיט פרייד, ווארום גאָט האָט זיי פרייד פאַרשאַפט".

וואָס גרעסער עס איז אָבער געווען דער זין פון די עולים, וואָס מער אומבאַפרידיקט עס האָט געמוזט בלייבן די שנאה פון די כותיים צו די עולים, אַלץ שאַרפער, אַלץ טיפער איז די דאָזיקע

---

*) די אַלע ביז אַהער געבראַכטע דאָ אויסצוגן זיינען מיט אייניקע קליינע אָפּנויגונגען פון יהואשס תנ"ך איבערזעצונג.

**) לויט חז"ל זיינען פאַראיבער גאַנצע זיבעציק יאָר פון דעם חורבן ביז צום מאָמענט, ווען די עולים האָבן זיך אין שנת שתים לדריוש ווידער גענומען פאַר דעם בויען פון בית המקדש. ערשט אויף דעם 71טן יאָר שוין האָבן — לויט זיי נאָך די עולים אונטערגענומען די דאָזיקע אַקציע. און אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז דאָס באַנייען פון בויען דעם בית המקדש איז פאָרגעקומען אין יאָר 516 — אין 24טן טאָג פון חודש כסלו פון דעם דאָזיקן יאָר — פאַר דעם ערשטן יאָר פון דער נייער צייטרעכנונג. און אַזוי אַרום מוז אויך אויסקומען, אַז פאַר־ענדיקט דעם בנין האָבן זיי אין אָנהויב פון יאָר 511. ווארום די אַרבעט פון פאַרענדיקן דאָס בויען פון בית המקדש — ווערט דערציילט אין תנ"ך האָט געדויערט פון כסלו שנת שתים לדריוש ביז אדר שנת שש לדריוש, וואָס דאָס מיינט 4 יאָר מיט אַ פּאָר חדשים.

שנאה זייערע געוואָרן. אויך נאָכדעם, וואָס זיי האָבן איצט געזען דעם דורכפאַל פון זייערע מסירות, האָבן זיי נאָך אַלץ זייערע וואָפן פון זייערע הענט ניט ארויסגעלאָזט. זיי זיינען נאָך אַלץ מיט זייער טעטיקייט פון מסירות און אונטערגראָבונגען אָנגעגאנגען און האָבן זיך געטרייסט מיט דער האָפנונג אויף דעם קומען פון מאָמענט, ווען די גיפטיקע פיילן, וואָס זיי שליידערן אין אידישן ישוב, וועלן דאן אין ריכטיקן ציל טרעפן.

די אידן האָבן א גאנצע רייע פון נגישות געהאט אויסצושטיין פון זיי אין דעם דור פון עזרא און נחמיה און אין א משך פון פילע דורות נאָכדעם נאָך, ווי עס וועט אונז אויסקומען צו ריידן וועגן דעם אין אייניקע פון די קומענדע קאפיטלען.

## כ

# חגי און זכריה

**דער יאוש, וואָס האָט ארומגענומען די עולים אין די יאָרן, ווען זיי האָבן דורך די מסירות אויף זיי פון די שומרונים צו דער פּערסישער מאכט פון פילע נגישות געליטן. — די מאָראלע ירידה. — אין א משך פון אייניקע יאָרן איז אויך זייער מאַטעריעלער מצב באַרג אראָפּ געגאנגען. — די נבואות פון חגי און זכריה וועגן דער טריקעניש און דעם הונגער, וואָס זיינען דאָס לאַנד באַפאַלן. — די איבערגעבליבענע שפּורן פון דער פריערדיקער גרויסער מאָראלער דערהויבונג. — דער ישוב האָט נאָך אלץ פילע גרופּן פארמאָגט, וואָס האָבן דאָס שפּינען פון די אלטע טראַדיציעס פאָרטגעזעצט. — די וויכ־טיקסטע פאָרשטייער פון די דאָזיקע גרופּן. — חגי און זכריה.**

די צרות און נגישות, וואָס די עולים זיינען פון די כותיים אויסגעשטאַנען, האָבן זייער א שלעכטע ווירקונג געהאַט אויף די מיטגלידער פון נייעם ישוב צו ענטמוטיקן זיי און אריינצוברייננגען זיי אין א טרויעריקן און פּעסימיסטישן צושטאַנד.

ווי שטאַרק עס איז פריער געווען זייער גלויבן ,אז זיי וועלן נאָר גיך די אלע גאולה האָפנונגען זייערע רעאַליזירן, אזוי שוואַך האָבן זיי זיך דערפילט פּלוצלינג איצט עטוואָס גרויסעס ביי זיך אין לאַנד צו שאַפן. עס זיינען פארשוואונדן די האָניק מאָנאַטן פון דעם גרויסן טרוימען זייערן און זיי האָבן פאַר זיך א טרויעריקע ווירק־לעכקייט דערזען. נאָכדעם, וואָס עס איז זיי נאָך אזויפיל קרבנות און נאָך אזויפיל דורכגעלעבטן צער געלונגען צוריק אויף דעם באָדן פון זייער אייגן לאַנד זיך צו באַזעצן, קענען זיי דאָרטן די בעלי בתים פון זייער אייגענעם שיקזאַל ניט זיין, מוז דער גורל פון די אלע פלענער זייערע, פון אלע זייערע האָפנונגען, דעם בייזן ווילן פון פרעמדע כחות אונטערוואָרפן זיין.

און צוזאמען דערמיט, וואָס עס איז זייער גלויבן אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַז זיי זאָלן שוין אויך גאָר ווען עס איז אפילו זייערע האָפנונגען רעאַליזירן, איז אויך שוין אָפּגעשוואַכט געוואָרן ביי די עולים דאָס געפיל פון אחדות, דאָס געפיל פון ברידערלעך פאַר־אייניקט זיך פילן. דאָס פאַנאַנאַדערפאַלן פון די פאַראייניקנדע נאַציאָ־נאַלע אידעאַלן האָט אויך געבראַכט צום פאַנאַנדערפאַלן פון דער קאָלעקטיווער פאַרברידערלעכקייט פון פאָלק.

און ניט נאָר אויף דעם געביט אַליין האָט זיך אין זייער לעבן א מאָראַלע ירידה אָנגעהויבן צו מערקן. אונטער דער ווירקונג פון די אַלע אנטוישונגען און אנטמוטיקונגען, וואָס עס איז זיי אויס־געקומען איבערצולעבן, האָט בכלל זייער גאַנצע מאָראַל בּאַרג אַראָפּ אָנגעהויבן צו גיין. עס האָבן זיך פריער אין דעם גרויסן פייער פון זייערע עקזאַלטירטע האָפנונגען און שטרעבונגען זייערע נשמות גע־לייטערט און גערייניקט. דער טיפער נשמה פאַטאָס, אין וועלכן זיי האָבן פריער געלעבט, דאָס גרעניצלאָזע פאַרגעסן זיך דאָן פון פרט אין די קאָלעקטיווע האָפנונגען און טרוימען פון כלל, איז פאַר זיי דער גראַדער וועג געווען, וואָס האָט זיי צו דער מדרגה פון גרויסער מאָראַלער שלימות געפירט.

און וואָס מער עס האָט ביי זיי דער דאָזיקער נשמה פאַטאָס פוחת והולך אָנגעהויבן צו ווערן, וואָס מער עס האָט פון זייער לעבן די עקזאַלטירטע באַגייסטערונג אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן, אַלץ מער האָבן זיי אויך אָט יענע מאָראַלע שלימות, צו וועלכער זיי האָבן דערגרייכט, אָנגעהויבן צו פאַרלירן.

אמת, פון דעם עבודה זרה קולט זיינען די אידן אויך איצט געגצלעך אויסגעהיילט געווען. עס זיינען אויך די אַלע שלעכטע לעבנס זיטן, וואָס האָבן פאַר דעם גלות אין לאַנד עקזיסטירט, שוין אויף צוריק זיך ניט אומצוקערן זיך קיינמאָל פאַרשוואונדן. עס האָט שוין אָבער דאָך ניט מער אָט יענער פריערדיקער שיינער אידעאַליזם אויף דעם לעבן פון די עולים גערוט. עס האָט שוין אָבער דאָך ניט מער אָט יענער פריערדיקער שטאַרקער גראַניט צעמענט די אַלע עלע־מענטן פון נייעם ישוב פאַראייניקט. עס האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַר־מערן אין לאַנד א נייער עלעמענט, א רייך־לעבן און לוקסוס זוכנדער

עלעמענט, וואָס אנשטאָט צו זאָרגן, דער בית המקדש זאָל וואָס גיכער פאַרענדיקט ווערן, האָבן זיי געזאָרגט דערפאַר, זיי זאָלן פאַר זיך אליין שיינע און פּרעכטיקע פּאַלאַצן בויען. עס האָט זיך ביי די מיטגלידער פון דעם נייעם ישוב אן איינגהערציקער עגאָאיזם אָנגע־הויבן צו אנטוויקלען. יעדער האָט נאָר פאַר זיך אָנגעהויבן צו זאָרגן, און אנשטאָט די ברידערלעכע באַציאונגען, וואָס האָבן פריער עקזיסטירט צווישן זיי, האָבן זיי אָנגעהויבן צו באַהאַנדלען איצט איינער דעם צווייטן, ווי פרעמדע, ווי שונאים.

און צוזאַמען מיט דער ירידה, וואָס איז געקומען דאַן אין גייסטיקן צושטאַנד פון די עולים, זיינען אויך פאַר זייער מאַטע־ריעלער לאַגע שלעכטע יאָרן געקומען. אייניקע עלעמענטן האָבן, אמת, גרויס רייכקייט ערוואָרבן. דערפאַר אָבער האָבן זיך די ברייטע פאָלקס שיכטן אין א משך פון אייניקע יאָרן אין גרויס פאַראָרימ־קייט געפונען. עס איז אוועקגעגאַנגען א לייננגערע צייט פון אומ־נערעטעניש און דאָס לאַנד האָט זיך אויף דעם שוועל פון א שווערן הונגער געפונען.

„איר האָט פיל געזייט — זאָגט חגי הנביא צו די אידען — און ווייניק אריינגעבראַכט. מען עסט, אבער ניט גענוג אויף זאַט צו זיין. מען טרינקט, אָבער ניט גענוג אויף צו שטילן דעם דורשט. מען טראָגט א מלבוש, איז ער אָבער ניט גענוג אויף צו וואַרימען. און דער, וואָס פאַרדינט (עפּעס) פאַרדינט ער עס אין א לעכעריקער קעשענע אריין.*)

און אין דעם זעלבן קאַפּיטל וויטער שילדערט ער אין די פאָלגנדע ווערטער די דאַמאָלסדיקע ניט גערעטעניש:

„די הימלען האָבן פאַר אייך פאַרהאַלטן דעם טוי און די ערד האָט פאַרהאַלטן איר פרוכט.**)

און איך האָב גערופן א טריקעניש אויף דער ערד און אויף די בערג און אויף דעם קאָרן און אויף דעם נייעם וויין און אויף אלעס,

---

*) זרעתם הרבה והבא מעט; אכול ואין לשבעה; שתו ואין לשכרה; לבוש ואין לחום לו; והמשתכר — משתכר אל צרור נקוב" — חגי א׳, ו׳.

**) „על כן עליכם כלאו שמים מטל, והארץ כלאה יבולה.

וואָס די ערד ברייגנט ארוים און אויף דעם מענטשן און אויף דער בהמה, אויף אלעם, וואָס עס שאפט די מענטשלעכע האַנט.*)

און אין זכריה ח ווערן אָט יענע אייניקע טרויעריקע יאָרן מיט די פאָלגנדע ווערטער געשילדערט:

„ווארום פאר אָט יענע טעג האָט דער מענטש זיין שכר ניט געהאט און די בהמה האָט איר שכר ניט געהאט. און ניט פאר דעם, וואָס איז ארויסגעגאנגען און ניט פאר דעם, וואָס איז אריינגעגאנגען, איז שלום געוואָרן פון דעם באדריקער. און איך האָב אלע מענטשן אנגערייצט איינער אויף דעם צווייטן.**)

און צו דעם אלעם באדארף נאָך אויך צוגעגעבן ווערן די מהומה און די אומאָרדנונג, וואָס איז אריינגעטראָגן געוואָרן אין לעבן פון יונגן אידישן ישוב דורך די מלחמות, וואָס קאמביז האָט אָנגעפירט מיט די שכנישע לענדער פון יהודה. דאָס, וואָס עס איז זייער פיל אויסגעקומען צו ליידן דעם נייעם ישוב פון די פערסישע חיילות, וואָס האָבן זייער מארשרוט דורך ארץ ישראל געמאכט.

---

אָט אזוי איז דער גייסטיקער און דער מאַטעריעלער מצב פון די עולים געווען אין משך פון אָט יענע יאָרן, וועגן וועלכע מיר האָבן ביז איצט גערעדט. עס האָבן זיך אויף דעם אומגינסטיקסטן אופן פארשיידענע אומשטענדן קאָמבינירט, די הפסקה, וואָס איז אין דעם בויען פון דעם בית המקדש באַלד אין אָנהויב פון דער ארבעט אריינגעטראָטן, זאָל וואָס לייגנער אָנהאַלטן.

און אויב פריער האָבן זיך די עולים מיט א וויטאָק אין הארצן דעם „רוע הגזר" מקבל געווען, אויב זיי האָבן פריער פאר א נאציאָנאַלן גרויסן אומגליק באטראכט דאָס, וואָס זיי האָבן ניט געקענט דאָס בויען פון בית המקדש פאָרטזעצן, האָבן זיי זיך שפּעטער שוין אויף אזויפיל מיט דער עקזיסטירנדער לאַגע איינגעלעבט, אז זי האָט זיי שוין מער קיין קרענקונג, קיין ערגערניש ניט פארשאפט.

---

*) „ואקרא חורב על הארץ ועל ההרים ועל התירוש ועל היצהר ועל אשר תוציא האדמה ועל האדם ועל הבהמה ועל כל יגיע כפים — דארטן י׳—י״א.

**) „כי לפני הימים ההם שכר האדם לא נהיה ושכר הבהמה לא היה, וליוצא ולבא אין שלום מן הצר. ואשלח את כל האדם איש ברעהו" — זכריה ח׳, י׳.

א גרויסער טייל פון דער באפעלקערונג האָט זיך פאטאל איבערגעגעבן צו די עקזיסטירנדע באדינגונגען און שלום געמאכט מיט דעם גע־ דאנק, אז יהודה זאָל ניט נאָר פון דער פערסישער מאכט אליין שוין א שטענדיקער וואסאל בלייבן, נאָר זי זאָל אויך דער שטענדיקער וואסאל פון בייזן ווילן פון די שומרונים זיין.

אויב פריער איז די הפסקה אין דעם בויען פון בית המקדש פאָרגעקומען צוליב אויסערלעכע שטערונגען און אָפּהאַלטונגען, האָט שפּעטער א געפאַר אָנגעהויבן צו דראָען, אז צוליב אינערלעכע מאָ־ טיוון, צוליב אַפּאַטיע און שוואכן ווילן, זאָל די דאָזיקע הפסקה שוין א שטענדיקע דערשיינונג בלייבן.

און ווירקלעך אויך נאָכדעם, וואָס די אלע אויסערלעכע סבות, וועלכע האָבן געשטערט די עולים מיט דעם בויען פון בית המקדש זיך צו באשעפטיקן, זיינען שוין פארשוואונדן אינגאנצן, אויך נאָכ־ דעם, וואָס עס זיינען שוין, ווי דריוש האָט דעם פערסישן טראָן באשטיגן, גינסטיקע באדינגונגען אין לאנד געשאפן געוואָרן פאר דער פאָרטזעצונג פון דער בויאונגס־ארבעט, אויך דאן האָבן פילע פון די מיטגלידער פון דעם נייעם ישוב גאָר ווייניק חשק ארויסגעוויזן פאר דער דאָזיקער ארבעט זיך צו נעמען.

„זיי זיינען זיך אין זייערע — קלאָגט דער נביא חגי — פרעכ־ טיקע פאלאצן געזעסן און דער בית המקדש איז חרב געבליבן. דאָס הויז פון גאָט איז וויסט געשטאנען און זיי זיינען יעדער צו „זיך אין הויז געלאָפן".*)

ווי גרויס עס איז אָבער ניט געווען די גייסטיקע ירידה פון דעם נייעם ישוב אין יהודה, זיינען אָבער דאָך ניט אָפּגעווישט געוואָרן גאָר אינגאנצן די אלע שפּורן פון דער פריעריקער גרויסער מאָראלער דערהויבונג — פון לעבן פון די עולים. עס זיינען נאָך דאָך וויני־ קעלעך אין לעבן געבליבן, אויף וועלכע עס האָט נאָך אויך איצט גערוט די שכינה פון דעם גרויסן נשמה עקסטאז, וואָס האָט זיי באלעבט פריער. די נייע װענדונג, וואָס דאָס אידישע לעבן האָט אין גלות בבל אָנגענומען, האָט צופיל טיפע ווארצלען געלאָזט אין דער

*) „העת לכם אתם לשבת בבתיכם ספונים והבית הזה חרב". „יען ביתי אשר הוא חרב ואתם רצים איש לביתו" — חגי א', ד', ט'.

פּסיכיק פון פאָלק, איז צופיל א פּראָדוקט געווען פון טיפן דורכלעבן, פון טיפן דורכוויטאָקן, זי זאָל געווען קענען שפּורלאָז פאַרשווינדן. דער איבערברוך, וואָס איז פריער מיט צוויי דורות פאָרגעקומען אין לעבן פון אידישן פאָלק, איז צו שאַרף געווען, צו גרויס געווען און ער האָט נאָך אויך איצט זיין געבענטשטע שפע אויף דעם אידישן לעבן ממשיך געווען.

און אויב אויך די ברייטע שיכטן פון פאָלק זיינען ניט גאָר איינגאַנצן אויסער אָט יענער וויטער השפעה געשטאַנען, איז וואָס אמבאַלאַנגט דעם פּרט, האָבן זיך דאן פילע יחידי סגולה געפונען, וואָס זיינען די געטרייע יורשים פון יענער גרויסער צייט געווען. עס זיינען נאָך אויך דאן פילע גרופּן געווען, וואָס האָבן דאָס שפּינען פון די אַלטע טראַדיציעס פאָרטגעזעצט, וואָס עס האָט זייער לעבן דער פריערדיגער וואונדערבאַרער גייסט פון מאָראַלער דערהויבונג, פון הייליקער געלייטערטקייט און גרויסן רעליגיעזן פּאַטאָס באהערשט.

און אממערסטן האָבן זיך די דאָזיקע גרופּן געפונען צווישן די כהנים און לויים און די נאָכפאָלגער פון די נביאים.

און די וויכטיקסטע פאָרשטייער פון די דאָזיקע גרופּן, זייערע ראשי המדברים און טאָן־געבער זיינען די לעצטע נביאים אחרונים: חגי און זכריה געווען.

כ"א

# די נבואות פון חגי

גינסטיקע אומשטענדן פאר דער בויאונגס ארבעט פון בית המקדש. — די ניט באַרעכטיקטע פאַרנאַכלעסיגונג. — חגי מוסרט דעם אידישן ישוב אין יהודה פאר זיין אַפּאַטיע און פאר זיין אָפּגעלאָזנקייט אין דער הינזיכט. — זיינע אויף „באחרית הימים" הבטחות.

חגי און זכריה האָבן באַזאָנדערס זייער ענערגיע אלס לערער און פירער פון זייער פאָלק פאַרוועגדט דארויף, צו וועקן מוט און אינטערעס ביי די מיטגלידער פון דעם נייעם אידישן ישוב אין יהודה, זיי זאָלן ניט פאַרנאַכלעסיקן דאָס בויען פון בית המקדש.

און נאָך מער האָבן זיי זיך דער דאָזיקער טעטיקייט איבער־געגעבן, ווען עס האָט זיך פאר זיי א שטראַל פון האָפנונג באוויזן, אז עס וועלן באַלד מעגלעכקייטן געשאפן ווערן, צו באַשעפטיקן זיך אָומגעשטערט מיט דער דאָזיקער בויאונגס־ארבעט, ווען זיי האָבן געזען, אז עס זיינען גינסטיקע פאר אָט דער ארבעט אומשטענדן אין לאַנד געשאפן געוואָרן. זיי האָבן באַקעמפט די אָפּגעלאָזנקייט און די אַפּאַטיע פון ישוב, דאָס זוכן פארשיידענע תירוצים פון די מיטגלידער זיינע, פאר וואָס זיי זאָלן אויך אויף ווייטער אומטעטיק בלייבן, פאר וואָס עס זאָל אויך אויף ווייטער דאָס בויען פון בית המקדש ניט פארענדיקט בלייבן.

אויך נאָכדעם, וואָס דריוש האָט איבערגענומען דעם פערסישן טראָן, און די מלחמות אין די ארומיקע געגענדן פון יהודה האָבן שוין אויפגעהערט, אויך דאַן האָבן נאָך פילע עלעמענטן פון ישוב ניט באטראכט דעם מאָמענט אלס א פאסיקן צו נעמען זיך אין אים ווידער אַמאָל פאר דער ארבעט פון בויען דעם בית המקדש. זיי האָבן געטענהט, אז „עס איז נאָך אַלץ ניט געקומען די צייט צו בויען

דאָס הויז פון גאָט". די אומאָרדנונג, וואָס האָט געהערשט אין לאַנד, צוליב די פּערסישע חילות, פון וועלכע ס'איז פריער פול געווען דאָס לאַנד, דאָס, וואָס דאָס לאַנד איז נאָך ניט געקומען צו זיך פון דעם הונגער, וואָס האָט איניקע יאָר דאָס לאַנד געדריקט — דאָס אַלעס, האָבן זיי דערקלערט — מאַכט אוממעגלעך מיט דער דאָזיקער ארבעט זיך צו באַשעפטיקן.

האָבן די נביאים, חגי און זכריה, די אָנשוויאונגען און מיינונגען פון די דאָזיקע עלעמענטן באַקעמפט. חגי דערקלערט זיי, אַז די אַלע ליידן, וואָס זיי האָבן די לעצטע יאָרן געהאַט אויסצושטיין, אַז דער הונגער פון וועלכן עס האָט דאָס לאַנד געליטן, אַז דאָס אַלעס איז דער עונש פון גאָט פאַר זיי געווען טאַקי דערפאַר, וואָס זיי האָבן דאָס בויען פון בית המקדש פאַרנאַכלעסיקט.

„אזוי האָט גאָט צבאות געזאָגט — לייענט זיך אין דער ערש־טער נבואה פון חגי — „דאָס דאָזיקע פאָלק האָט געזאָגט: עס איז נאָך ניט די צייט געקומען, די צייט, עס זאָל דאָס הויז פון גאָט געבויט ווערן, איז דאָס א צייט פאַר אייך, איר זאָלט זיצן אין אייערע (פיין) באַדעקטע פּאַלאַצן און אָט דאָס הויז (פון גאָט) זאָל זיין חרוב. און איצט אזוי האָט גאָט צבאות געזאָגט: באַטראַכט זיך וועגן אייערע וועגן. איר האָט פיל געזייט און אריינגעבראַכט ווייניק. איר עסט — און איר זענט ניט זאַט. איר טרינקט — און קענט ניט שטילן אייער דורשט. איר האָט מלבושים, אָבער ניט אויף וואַרים זיך פילן. און דער וואָס פאַרדינט, פאַרדינט ער אין א לעבערדיקער קעשענע אריין. אזוי האָט דער גאָט צבאות געזאָגט: באַטראַכט די וועגן אייערע. גייט ארויף אויף דעם באַרג און ברענגט אַלעס און בויט דאָס הויז און איך וועל עס באַוויליקן און געהערלעכט ווערן דורך דעם — האָט גאָט געזאָגט. איר האָט ארויסגעקוקט אויף פיל און עס איז געווען ווייניק און אז איר האָט עס אין הויז געבראַכט, האָב איך עס אוועקגעבלאָזן. פאַר וואָס? איז די רייד פון גאָט צבאות, ווייל מיין הויז איז חרוב, און איר לויפט יעדער צו זיך אין הויז אריין. דעריבער האָב איך פון די הימלען פאַרמיטן דעם טוי פון אייך און די ערד האָט פאַרמיטן אירע פּראָדוקטן, און איך האָב גערופן א טרוקעניש אויף דער ערד און אויף די בערג און אויף דעם קאָרן און אויף דעם נייעם וויין און אויף די אייל־בירטן און

אויף אלעס, וואָס די ערד ברייננגט ארוים און אויף די מענטשן און אויף די בהמות און אויף דער גאַנצער מי פון די מענטשלעכע הענט".*)

און ווי ער האָט פריער זיי מעורר געווען זיי זאָלן זיך פאר דער ארבעט פון בויען דעם בית המקדש נעמען, אזוי האָט ער נאָכדעם, ווען זיי האָבן שוין אָנגעהויבן מיט דער ארבעט זיך צו באשעפטיקן, געוועקט ביי זיי א געפיל פון שטאָלץ זיין מיט דעם בנין, אזוי האָט ער זיי גערופן דאָן, צו באטראַכטן די ארבעט, וואָס זיי טוען, אלס א גרויסן נאציאָנאלן אקט. ער האָט געזוכט צו איבערציינגן זיי, אז זיי באדארפן ניט אונטערשעצן די גרויסע ווערט פון דעם נייעם בית המקדש, פארגלייכנדיק אים מיט דעם ערשטן. ער האָט געזוכט זיי צו טרייסטן, אז כאָטש דער צווייטער בית המקדש קען ניט פארמאָגן אָט יענעם פראַכט און גלאַנץ, מיט וועלכע דער ערשטער בית המקדש האָט זיך אויסגעצייכנט, וועט ער אָבער דאָך שפעטער פיל מער נאָך, ווי דער ערשטער, כבוד און רוהם דעם אידישן פאָלק ברייננגען.

„זאָג נאָר — רעדט ער אין גאָטס נאָמען — צו זרובבל בן שאלתיאל, דער פחה פון יהודה און צו יהושע בן יהוצדק, דער כהן גדול, און צו די איבעריקע פון פאָלק אזוי צו זאָגן: ווער איז נאָך צווישן אייך פארבליבן, וואָס האָט געזען דאָס דאָזיקע הויז אין זיין ערשטער גלאָריע און ווי אזוי זעט איר אים איצט? אין פארגלייך מיט יענעם איז דער דאָך ווי גאָר ניט אין אייערע אויגן. און איצט שטאַרק זיך זרובבל — זאָגט גאָט — און שטאַרק זיך יהושע בן יהוצדק, דער כהן גדול, און שטאַרק זיך דאָס גאַנצע פאָלק פון גאָט

---

*) כה אָמר ה׳ צבאות לאמר: העם הזה אָמרו: לא עת בוא עת בית ה׳ להבנות . . . העת לכם אתם לשבת בבתיכם ספונים, והבית הזה חרב. ועתה כה אמר ה׳ צבאות: שימו לבבכם על דרכיכם. זרעתם הרבה — והבא מעט; אכל — ואין לשבעה; שתו — ואין לשכרה; לבוש — ואין לחום לו. והמשתכר — משתכר אל צרור נקוב. כה אָמר ה׳ צבאות: שימו לבבכם על דרכיכם. עלו ההר והבאתם עץ ובנו הבית וארצה בו ואכבדה — אמר ה׳. פנה אל הרבה — והנה למעט. והבאתם הבית — ונפחתי בו — יען מה נאום ה׳ צבאות: יען ביתי אשר הוא חרב ואתם רצים איש לביתו. על כן עליכם כלאו שמים מטל והארץ כלאה יבולה. ואקרא חורב על הארץ ועל ההרים ועל הדגן ועל התירוש ועל היצהר ועל אשר תוציא האדמה ועל הבהמה ועל כל יגיע כפים.

— אזוי זאָגט גאָט — און טוט (אזוי) ווארום איך בין מיט אייך — איז די רייד פון גאָט צבאות. אזוי ווי איך האָב מיט אייך כורת ברית געווען, ווען איר זענט ארויסגעגאנגען פון מצרים — וועט מיין גייסט שטיין צווישן אייך. איר זאָלט קיין מורא ניט האָבן. ווארום אזוי האָט גאָט צבאות געזאָגט: נאָך אין ווייניק צייט ארום — וועל איך מאכן ציטערן דעם הימל און די ערד און דעם ים און די יבשה. און איך וועל מאכן ציטערן די אלע פעלקער, און די טייערסטע זאכן פון די פעלקער וועלן צו אייך אריינקומען — און איך וועל אָנפילן דאָס דאָזיקע הויז מיט כבוד. האָט גאָט צבאות געזאָגט. צו מיר (באלאנגט) דאָס זילבער און צו מיר (באלאנגט) דאָס גאָלד — זאָגט גאָט צבאות. גרעסער וועט זיין דער כבוד פון דעם דאָזיקן לעצטן הויז, ווי דער כבוד פון דעם ערשטן — האָט גאָט צבאות געזאָגט. און אין דעם דאָזיקן אָרט וועל איך געבן פרידן — דאָס זיינען די רייד פון גאָט צבאות".*)

עס מאַכט ניט אויס, וואָס דער בית המקדש זעט איצט אָרים אויס. עס וועלן נאָך אין אים די אלע רייכקייטן פון גאָר דער וועלט אריינפליסן. עס מאכט ניט אויס, וואָס דער ישוב איז שוואך און געדריקט. גאָט וועט נאָך זיין מזל דערהויבן. ער וועט ווייזן נאָך פאַר די אידן גרעסערע וואונדער, ווי ער האָט פאַר זיי ביז איצט געוויזן. הימל און ערד וועלן די דאָזיקע וואונדער גרויסע אויפ־טרייסלען.

*) אמור נא אל זרובבל בן שאלתיאל פחת יהודה ואל יהושע בן יהוצדק הכהן הגדול ואל שארית העם לאמר: מי בכם הנשאר אשר ראה את הבית הזה בכבודו הראשון ומה אתם רואים אותו עתה? הלא כמוהו כאין בעיניכם. ועתה חזק זרובבל, וחזק יהושע בן יוצדק הכהן הגדול וחזק כל עם הארץ, נאום ה׳ ועשו, כי אני אתכם — נאום ה׳ צבאות. את הדבר אשר כרתי אתכם בצאתכם ממצרים ורוחי עומדת בתוככם, אל תיראו. כי כה אמר ה׳ צבאות: עוד אחת — מעט היא — ואני מרעיש את השמים ואת הארץ ואת הים ואת החרבה. והרעשתי את כל הגויים ובאו כל חמדת כל הגויים ומלאתי את הבית הזה כבוד — אמר ה׳ צבאות. לי הכסף ולי הזהב — נאום ה׳ צבאות. גדול יהיה כבוד הבית הזה האחרון מן הראשון — אמר ה׳ צבאות ובמקום הזה אתן שלום. נאום ה׳ צבאות — חגי, ב׳.

כ״ב

# זכריה

**פאַראַלעלען צווישן יחזקאלס און זכריהס נבואות. — סימבאָלישע רעטאָריק. — ווי יחזקאל רעדט אויך זכריה אין אלעגארישע בילדער. — א צויבער וועלט פון שיינע וויזיאָנען און זעאונגען. — פאַראַלעלן צווישן די נחמות נבואות פון ישעיה און די נחמות נבואות פון זכריה. — אין די, ווי אין יענע די־זעלבע פאָעטישע בילדלעכקייט, די זעלביקע קינסטלערישע עלעגאַנץ, דער זעלבער שוואונג און די זעלבע רחבות. — קרעפטיקע אקאָרדן פריידיקע פון גרעניצלאָזע ברייטקייטן ווייטע.**

פון חגי הנביא האָבן מיר נאָר צוויי קאפּיטלען נבואות אין תנ״ך. פיל מער אָבער נבואות געפינען זיך אין תנ״ך פון דעם צווייטן גרויסן נביא פון יענעם דור, פון זכריה הנביא, וועלכער איז געווען דער צייט־גענאָסע און דער מיטקעמפער פון ערשטן. קיינער פון די גאָר לעצטע נביאים איז ניט מיט אזוי פיל נבואות פאַר־טראָטן אין תנ״ך, ווי זכריה הנביא. לויט דעם כמות פון זיינע נבואות געהערט ער מער צו די פריערדיקע נביאים, ווי צו די לעצטע נביאים. די צאָל פון זיינע נבואות שטייגט זאָגאר אויך איבער די צאָל נבואות פון מאנכע פון יענע נביאים. נאָך די נביאים ישעיה, ירמיהו, יחזקאל אין דער כמות פון זיינע נבואות די גרעסטע, גרעסער אפילו פון דעם כמות פון די נבואות פון הושע הנביא.*)

און אויך לויט דעם כאראקטער זייערן, לויט דעם פּאַטאָס און שטאַרקייט פון אויסדרוק, וואָס מיר געפינען אין זיי, לויט דעם פולן שוואונג זייערן און בילדלעכקייט, דערמאָנען די נבואות זיינע די נבואות פון די עלטערע נביאים.

און נאָך מער דערמאָנען די נבואות זיינע אין די נבואות פון יחזקאל.

---

*) די צאָל אָבער פון די קאַפּיטלען איז ביי ביידע די זעלבע: צו 14 קאַ־פּיטלען אין הושע און אין זכריה.

ווי יענע צייכענען זיך אויך די דאָזיקע נבואות מיט סימבאָ־ לישער רעטאָריק אוים. ווי יחזקאל רעדט אויך זכריה אין אלעגארישע בילדער אין די נבואות זיינע. ווי יחזקאל אזוי האָט ער אויך אין א צויבער וועלט פון שיינע וויזיאָנען און זעאונגען געלעבט. אויך ער האָט די פּאַסירונגען פון דער צוקונפט און די אויסטייטשונגען פון דעם, וואָס עס איז אין דער קעגנווארט געשען, דורך פאַנטאַסטישע בילדער און וויזיאָנען געזען.

„איך האָב געזען היינט ביינאַכט — גיט אונז איבער זכריה אין ערשטן קאַפּיטל איינע פון זיינע זעאונגען: — און אָט אין א מאַן וואָס רייט אויף א רויטן פערד. און ער שטייט צווישן די הדסים־בוימער, אין טיפן טאָל. און אונטער אים (זיינען געווען) רויטע פערד, ברוינע און ווייסע".

„און איך האָב געזאָגט: וואָס זיינען די דאָזיקע, מיין האר? האָט ער געזאָגט צו מיר דער מלאך, וואָס האָט גערעדט מיט מיר: איך וועל דיר ווייזן, וואָס די דאָזיקע זיינען."

„און עס האָט זיך אָנגערופן דער מאַן, וואָס איז געשטאַנען צווישן די הדסים־בוימער און האָט געזאָגט: די דאָזיקע (זיינען די) וואָס גאָט האָט געשיקט דורכצוגיין די ערד".

און זיי האָבן געענטפערט דעם מלאך פון גאָט, וואָס איז גע־ שטאַנען צווישן די הדסים בוימער און זיי האָבן געזאָגט: מיר זיינען דורכגעגאַנגען די ערד. און, זע, די גאַנצע ערד איז באַוואוינט און געפינט זיך אין רו.*)

די גאַנצע וועלט איז אין רו און פרידן פון די פעלקער באַ־ וואוינט, נאָר ירושלים איז וויסט, נאָר יהודה איז פון אירע אידישע איינוואוינער אויסגעליידיקט, נאָר דאָס אידישע פאָלק ווייסט פון קיין רו און פרידן ניט.

דער דאָזיקער געדאַנק האָט אין שטענדיקן אומרו דעם נביא

*) ראיתי הלילה והנה איש רוכב על סוס אדום והוא עומד בין ההדסים אשר במצולה ואחריו סוסים אדומים שרוקים ולבנים. ואומר מה אלה אדני? ויאמר אלי המלאך הדובר בי: אני אראך מה המה אלה. ויען האיש העומד בין ההדסים ויאמר: אלא אשר שלח ה' להתהלך בארץ. ויענו את מלאך ה' העומד בין ההדסים ויאמרו: התהלכנו בארץ, והנה כל הארץ יושבת ושוקטת.

געהאַלטן און ער האָט ביי אים אין פאַנטאַסטישע וויזיאָנען זיין פאַרקערפּערונג געפונען.

„און דער מלאך פון גאָט האָט זיך אָנגערופן — ווערט ווייטער געזאָגט אין דער זעלבער נבואה — און געזאָגט: גאָט צבאות, ביז וואַנען וועסטו זיך (אַלץ) ניט דערבאַרמען אויף ירושלים און אויף די שטעט פון יהודה, אויף וועלכע דו צאַרנסט שוין זיבעציק יאָר?"

„און גאָט האָט געענטפערט דעם מלאך, וואָס האָט גערעדט מיט מיר, גוטע רייד, טרייסטנדע רייד".

„און עס האָט געזאָגט צו מיר דער מלאך, וואָס האָט גערעדט צו מיר: רוף אויס אַזוי צו זאָגן: מיט גרויס קנאה וועל איך זיך קנאת ציון וירושלם אָננעמען. און (מיט) גרויסן צאָרן וועל איך צאָרנען אויף די רואיקע פעלקער. וואָרום איך האָב נאָר אביסל געצאָרנט (אויף ציון) און זיי האָבן געהאָלפן צום ערגערן. דעריבער האָט גאָט אַזוי געזאָגט: איך קער זיך אום קיין ירושלים מיט רחמנות. מיין הויז וועט אין איר געבויט ווערן — דאָס איז די ערד פון גאָט צבאות און דער בויאונג־שנור וועט אויסגעשטרעקט ווערן איבער ירושלים. ווידער רוף אויס אַזוי צו זאָגן: אַזוי האָט גאָט צבאות געזאָגט: זיי וועלן נאָך איבערפילט ווערן מיינע שטעט מיט גליק און גאָט וועט דערבאַרמען ציון און אויסדערוויילן נאָך ירושלים.*)

און פונקט ווי עס האָט זיך אים דער טרויעריקער שיקזאַל פון דעם ישוב אין דער קעגנוואַרט אין פאַנטאַסטישע בילדער און זעאונגען פאַרגעשטעלט, אַזוי האָבן אויך די האָפנונגען און טרוימען זיינע אויף בעסערע צייטן פאַר דעם ישוב אין שיינע פאַנטאַסטישע בילדער און זעאונגען זייער פאַרקערפּערונג געפונען.

---

*) ויען מלאך ה׳ ויאמר: עד מתי אתה לא תרחם את ירושלים ואת ערי יהודה אשר זעמת זה שבעים שנה?

ויען ה׳ את המלאך הדובר בי דברים טובים, דברים נחומים. ויאמר אלי המלאך הדובר בי: קרא לאמר: כה אמר ה׳ צבאות: קנאתי לירושלים ולציון קנאה גדולה. וקצף גדול אני קוצף על הגוים השאננים, אשר אני קצפתי מעט, והמה עזרו לרעה. לכן כה אמר ה׳: שבתי לירושלים ברחמים. ביתי יבנה בה — נאום ה׳ צבאות וקוה ינטה על ירושלים. עוד קרא לאמר: כה אמר ה׳ צבאות: עוד תפוצנה ערי מטוב ונחם ה׳ עוד את ציון ובחר עוד בירושלים.

„און איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן און געזען — לייענען מיר אין זכריה קאפיטל ב׳ — און אָט זיינען פיר הערנער״.

„און איך האָב געזאָגט צום מלאך, וואָס האָט גערעדט צו מיר: וואָס זיינען אָט די אָ. האָט ער געזאָגט צו מיר: דאָס זיינען די הערנער, וואָס האָבן פארשפרייט יהודה, ישראל און ירושלים״.

„און גאָט האָט מיר געוויזן פיר מייסטערס.

„און איך האָב געזאָגט: וואָס קומען די דאָזיקע צו טאָן״.

„האָט ער געזאָגט אזוי צו זאָגן: דאָס זיינען די הערנער, וואָס האָבן צוקלאַפּט יהודה, אז קיינער האָט קיין קאָפּ ניט געקענט אויפהויבן. און די דאָזיקע זיינען געקומען אין שרעק זיי ארייננצו־ברייינגען, צו אָפּהאַקן די הערנער פון די פעלקער, וואָס האָבן אויפ־געהויבן זייערע הערנער אויף דעם לאַנד יהודה צוצוקלאַפּן זי. און איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן און איך האָב געזען — און אָט איז א מענטש. און אין האַנט ביי אים איז א שטריק צום מעסטן״.

און איך האָב געזאָגט: וואוהין גייסט דו?״

„האָט ער געזאָגט צו מיר: צו מעסטן ירושלים, צו זען, ווי־פיל איז איר ברייט און וויפיל איז איר לייננג. און אָט גייט ארויס דער מלאך, וואָס האָט גערעדט מיט מיר, און אַן אנדער מלאך גייט אים אַנטקעגן״.

„און ער האָט געזאָגט צו אים: לויף רייד צו אָט יענעם יונגן־מאַן, אזוי צו זאָגן: אָפן (אָן ווענט ארום) וועט ירושלים באוואוינט ווערן צוליב די פילע מענטשן און פי, וואָס וועלן זיך געפינען אין איר און איך וועל זיין פאר איר, זאָגט גאָט, א פייער־וואַנט ארום און פאר כבוד וועל איך זיין צווישן איר. דערוואַכט, און אַנטלויפט פון לאַנד צפון, זאָגט גאָט, וואָרום, ווי די ווינטן פון די פיר זייטן פון הימל האָב איך אייך פארשפרייט, זאָגט גאָט״.*)

---

*) ואשא את עיני וארא והנה ארבע קרנות. ואומר אל המלאך הדובר בי: מה אלה? ויאמר אלי: אלה הקרנות אשר זרו את יהודה, את ישראל וירושלים. ויראני ה׳ ארבעה חרשים. ואמר: מה אלה באים לעשות? ויאמר לאמר: אלה הקרנות אשר זרו את יהודה כפי איש לא נשא ראשו ויבואו אלה להחריד אותם לידות את קרנות הגוים הנושאים קרן אל ארץ יהודה לזרותה. ואשא עיני וארא והנה איש ובידו חבל מדה. ואומר: אנא אתה הולך? ויאמר אלי: למוד את ירושלים, לראות כמה רחבה וכמה ארכה. והנה המלאך הדובר בי יוצא ומלאך

און אויב דער נביא זכריה דערמאָנט אין פילע נבואות זיינע דעם נביא יחזקאל, ווארום, ווי זיינע נבואות, צייכענען זיך אויך פילע נבואות פון ערשטן מיט מיסטישער בילדלעכקייט און פאַנ־טאַסטישע און אַלעגארישע זעאונגען און וויזיאָנען אויס — דער־מאָנט ער אין פילע פון די אנדערע נבואות זיינע דעם נביא פון די נחמות נבואות אין ספר ישעיה. זיי זיינען אלע אויף א מערק־ווירדיקן אופן אין איין שליסל געשריבן, אין איין אלגעמיינעם טאָן פאַראייניקט. איר געפינט אין די נבואות פון זכריה די זעלבע פּאָעטישע בילדלעכקייט, די זעלבע קינסטלערישע עלעגאַנץ, דעם זעלבן שוואונג און רחבות, וואָס איר געפינט אין אָט יענע אויבנדערמאָנטע נחמות נבואות פון ספר ישעיה. ווי די לעצטע צייכענען זיך אויך די ערשטע אוים מיט דער העלער ליכטיקייט, וואָס שטראַלט ארוים פון זיי. ווי פון די ערשטע אזוי צוגיסן זיך אויך פון די לעצטע קרעפטיקע אקאָרדן פריידיקע פון גרענעצלאָזע ברייטקייטן וויטע. און ווי איבער די ערשטע אזוי שוועבט אויך איבער די לעצטע דער גייסט פון שאַלנדער פרייד און שטייגענדן פּאָעטישן עקסטאַז.

און ניט נאָר מיט דעם כאַראַקטער און טאָן זייערן זיינען די נבואות פון זכריה צו די נחמות־נבואות פון ספר ישעיה ענלעך, ניט נאָר אין דער פּאָעטישער בילדלעכקייט זייערער עקזיסטירט צווישן זיי א מערקווירדיקע ענלעכקייט: עס איז א מערקווירדיקע ענלעכ־קייט פאַראַן אויך אין דעם אינהאַלט פון דער דאָזיקער פּאָעטישער בילדלעכקייט, אזוי, אז אין מאַנכע שטעלן זעט עס אוים, גלייך, ווי איין טעקסט וואָלט א ווידערהאָלונג און אן איבערשרייבונג פון צווייטן געווען.

אויך ביי זכריהן ווערט דער גאולה־טרוים פון הימל און ערד און בארג און טאָל געזונגען, אויך אין זיינע נבואות קומען שטענדיג די אידישע האָפנונגען אין דער באַגלייטונג פון אָט יענעם אוניווער־זאַליזם שיינעם, מיט וועלכן עס צייכענען זיך אוים די נחמות־נבואות פון ספר ישעיה.

---

אחר יוצא לקראתו. ויאמר אליו: רוץ דבר אל הנער הלז לאמר: פרזות תשב ירושלים מרוב אָדם ובהמה בתוכה. ואני אהיה לה נאום ה׳ חומת אש סביב ולכבוד אהיה בתוכה. הוי הוי ונוסו מארץ צפון, נאום ה׳ כי כארבע רוחות השמים פרשתי אתכם — נאום ה׳.

„זינג און פריי זיך, — לייענט זיך די נבואה פון קאפיטל ב׳. — בת ציון, ווארום איך קום און וועל וואוינען צווישן דיר, זאגט גאט. און עס וועלן צושטיין פילע פעלקער צו גאט אין יענעם טאג און זיי וועלן מיר זיין פאר א פאלק, און איך וועל רוען צווישן דיר. און גאט וועט נעמען צו זיך יהודה, ער זאל זיין טייל (זיין) אויף דער הייליקער ערד און וועט ווידער נאך אויסדערוויילן אין ירושלים. זאל שטיל בלייבן אלעס, וואס איז פלייש, פאר גאט, וואס האט דערוואכט פון זיין הייליקער וואוינונג.*)

און מיט די פאלגנדע שיינע און ליכטיקע פארבן שילדערט ער אונז אין קאפיטל ח׳די צוקונפט פון יהודה און ירושלים.

„אזוי האט גאט צבאות — לייענען מיר אין אט יענער נבואה — געזאגט: איך וועל העלפן מיין פאלק פון לאנד פון מזרח און פון לאנד, וואו עס פארגייט די זון. און איך וועל זיי ברייגנען און זיי וועלן רוען אין ירושלים און זיי וועלן מיר זיין פאר א פאלק און איך וועל זיי זיין פאר א גאט מיט אמת און צדקה. עס וועלן נאך זיצן זקנים און זקנות אין די גאסן פון ירושלים און יעדער איינער (וועט האבן) זיין שטעקן אין זיין האנט פון פילע יארן. און די גאסן פון דער שטאט וועלן פול זיין מיט אינגלעך און מיידלעך, וואס וועלן זיך שפילן אין אירע גאסן... ירושלים וועט גערופן ווערן די שטאט פון אמת, און דער בארג פון גאט צבאות — דער הייליקער בארג... עס וועלן נאך קומען פעלקער און די איינ־וואוינער פון פילע שטעט. און די איינוואוינער פון איין שטאט וועלן נאך קומען צו די איינוואוינער פון א צווייטער שטאט אזוי צו זאגן: לאמיר גיין בעטן גאט און זוכן דעם גאט צבאות. איך וועל אויך גיין. און זיי וועלן קומען פילע פעלקער און שטארקע נאציאנען צו זוכן גאט צבאות אין ירושלים און צו בעטן גאט. אזוי האט גאט צבאות געזאגט: אין יענע טעג וועלן צען פעלקער, וואס ריידן אויף פארשיידענע לשונות — זיי וועלן זיך אנהאלטן אין דער פאלע פון א אידן און זיי וועלן זאגן: מיר וועלן גיין

---

*) רני ושמחי בת ציון, כי הנני בא ושכנתי בתוכך נאום ה׳. ונלוו גויים רבים אל ה׳ ביום ההוא, והיו לי לעם ושכנתי בתוכך, וידעת, כי ה׳ צבאות שלחני אליך. ונחל ה׳ את יהודה חלקו על אדמת הקודש ובחר עוד בירושלים. הס כל בשר מפני ה׳ כי נעור ממעון קדשו.

מיט אייך, וואָרום מיר האָבן געהערט, אז גאָט איז מיט אייך... און גאָט וועט זיין דער קעניג איבער דער גאַנצער ערד. אין יענעם טאָג וועט גאָט איינער זיין און זיין נאָמען איינער... דער וויינ־שטאָק וועט געבן זיין פרוכט און די ערד וועט געבן אירע פּראָדוקטן און די הימלען וועלן געבן זייער טוי און איך וועל מאכן ירשנען דעם רעשט פון דעם דאָזיקן פאָלק אָט די אַלע זאכן. און עס וועט זיין — ווי איר, בית יהודה און בית ישראל, זיינט א קללה געווען צווישן די פעלקער, אזוי וועל איך אייך העלפן און איר וועט זיין אבענטשונג. האָט קיין מורא ניט, זאָלן געשטאַרקט ווערן אייערע הענט. וואָרום אזוי האָט גאָט צבאות געזאָגט: אזוי ווי איך האָב פאַרטראַכט צו טאָן אייך שלעכטס, ווען אייערע עלטערן האָבן מיך דערצאָרנט, און איך האָב מיך ניט איבערגעדיינקט, אזוי האָב איך ווידער פאַרטראַכט אין די טעג צו טאָן גוטעס צו ירושלים און צו יהודה. האָט קיין מורא ניט."*)

און אויך די פריידיקן און לעבנס־לערן, וואָס געפינען זיך אין

---

*) כה אמר ה׳ צבאות הנני מושיע את עמי מארץ מזרח ומארץ מבוא השמש. והבאתי אותם ושכנו בתוך ירושלים והיו לי לעם, ואני אהיה להם לאלהים באמת ובצדקה.

און פריהער: כה אָמר ה׳ צבאות: עוד ישבו זקנים וזקנות ואיש משענתו בידו מרוב ימים. ורחובות העיר ימלאו ילדים וילדות משחקים ברחובותיה...

און נאָך פריהער: ונקראָה ירושלים עיר האמת והר ה׳ צבאות — הר הקודש... כי זרע השלום, הגפן תתן פריה והארץ תתן יבולה והשמים יתנו טלם והנחלתי את שארית העם הזה את כל אלה. והיה כאשר הייתם קללה בגויים, בית יהודה ובית ישראל. כן אושיע אתכם והייתם ברכה, אל תיראו. תחזקנה ידיכם. כי כה אָמר ה׳ צבאות כאשר זממתי להרע לכם בהקציף אבותיכם אותי אמר ה׳ צבאות ולא נחמתי, כן שבתי זממתי בימים האלה להיטיב את ירושלים ואת בית יהודה אל תיראו... כה אָמר ה׳ צבאות עוד אשר יבואו עמים רבים ויושבי ערים רבות והלכו יושביהן אחת אל אחת לאמר: נלכה הלוך לחלות את פני ה׳ ולבקש את ה׳ צבאות — אלכה גם אני. ובאו עמים רבים וגויים עצומים לבקש את ה׳ צבאות בירושלים ולחלות את פני ה׳. כה אָמר ה׳ צבאות בימים ההמה אשר יחזיקו עשרה אנשים מכל לשונות הגויים והחזיקו בכנף איש יהודי לאמר: נלכה עמכם, כי שמענו אלהים עמכם.

אין טעקסט געפינט זיך אויך דער פאָאַלגענדער פסוק פון קאַפּיטל י״ד: והיה ה׳ למלך על כל הארץ. ביום ההוא יהיה ה׳ אחד ושמו אחד. די איבערזעצטע אויסציגע אין טעקסט איז לויט דעם פרינציפּ פון „אין מוקדם ומאוחר״.

די נבואות פון זכריה בנוגע דער אויפפירונג פון מענטשן, אויך די אַנשויאונגען, וואָס מיר געפינען דאָרטן בנוגע די וועגן איבער וועלכע עס דאַרף דער מענטש גיין, כדי ער זאָל זיך צו גאָט דערנענטערן, דערמאָנען אין פילע פון די נחמות־נבואות פון ספר ישעיה. אויך זיי ווי די לעצטע, באַזירן אויף ריינע און געלייטערטע רעליגיעזע באַגריפן. אויך אין זיי ווערט אונטערגעשטראָכן די גרויסע וויכטיקייט פון מקיים זיין די מצות פון בין אדם לחברו. אויך אין זיי ווערט ווידער אַמאָל און אָבער אַמאָל באַטאָנט, אז עס קען גאָט קיין שום טובה אָדער רעה ניט ארויסקומען פון די אָדער יענע מעשים פון מענטשן, אז דאָס פאַסטן און פייניקן זיך האָבן קיין שום ווערט ניט, ווען דער מענטש פאַרנאַכלעסיקט זיינע פליכטן צום חבר זיינעם, אז דאָס אַלעס דאַרף גאָר אַלס סימבאָל דינען פאַר דעם מענטשן, אז ער האָט אמת חרטה אויף זיינע זינד, אז ער וועט זיך צוריק צו גאָט דערנעענטערן.

און עס איזגעווען צו מיר — דערציילט דער נביא אין קאַפיטל ז׳ — די רייד פון גאָט צבאות אזוי צו זאָגן: זאָג צום גאַנצן פאָלק פון לאַנד און צו די כהנים אזוי צו זאָגן: אז איר האָט געפאַסט און געקלאָגט אין פינפטן און אין זיבעטן (חודש) זיבעציק יאָר שוין — האָט איר דען פאַר מיר געפאַסט? און אז איר עסט און טרינקט — זענט איר דאָך די עסער און איר זענט דאָך די טרינקער... אזוי האָט גאָט צבאות געזאָגט: אמתע גערעכטיקייט פירט אויס און חסד און רחמים טוט איינער מיט דעם צווייטן. און אַן אלמנה און א יתום א גר און אַן אָרימאַן זאָלט איר ניט רויבן. און שלעכטס איינער אויף דעם צווייטן זאָלט איר ניט טראַכטן אין אייער הארצן".*)

„דאָס זיינען די זאכן — זאָגט ער ווייטער אין קאַפיטל ח׳ — רעדט אמת איינער מיט דעם חבר זיינעם. אמת און משפט־שלום משפּעט אין אייערע טויערן. און איינער דאָס שלעכטס פון זיין חבר

---

*) ויהי דבר ה׳ צבאות אלי לאמר: אמור אל כל עם הארץ ואל הכהנים לאמר: כי צמתם וספוד בחמישי ובשביעי וזה שבעים שנה הצום צמתוני אני. וכי תאכלו וכי תשתו — הלא אתם האוכלים ואתם השותים . . . כה אָמר ה׳ צבאות לאמר: משפט אמת שפוטו וחסד ורחמים עשו איש את אחיו. ואלמנה ויתום גר ועני אל תעשוקו ורעת איש אחיו אל תחשבו בלבבכם.

זאָלט איר ניט טראַכטן אין אייער הארצן. און פאַלש שווערן זאָלט איר ניט ליב האָבן. וואָרום דאָס אַלעס האָב איך פיינט—זאָגט גאָט".*)

---

און אָט אזוי זען מיר, אז טראָץ דעם אלגעמיינעם יאוש, וואָס עס האָט פילע עלעמענטן פון ישוב אין יענער צייט ארומגענומען, טראָץ דעם וואָס די פאַנטאַסטישע פליגלען פון די גאולה־האָפנונגען זיינען ביי אָט יענע עלעמענטן פיל ארומגעשניטן געוואָרן, האָבן זיך אָבער דאָך נאָך אויך פילע גלויביקע אין ישוב געפונען, וואָס האָבן ניט דערלאָזט,אז דער אלגעמיינער יאוש זאָל אויף זיי א שליטה האָבן. עס האָט אין זייערע הערצער די זעלבע באגייסטערונג און הער זעלבער עקסטאַז געלעבט, וואָס האָט אין די הערצער פון די טרוימער פון פריערדיקן דור געלעבט. די נביאים אחרונים, חגי זכריה און מלאכי, האָבן אויך אין א צייט פון אלגעמיינער געדריקטער שטימונג, געשפּינט די גאָלדענע פעדים פון די אידישע האָפנונגען מיט דעם זעלבן שוואונג און מיט דעם זעלבן פּאַטאָס און מיט דעם זעלבן פולן גלויבן, ווי עס האָבן עס געטאָן זייערע פאָרגענגער, די גרויסע לערער און וועג־ווייזער פון אידישן פאָלק, וואָס האָבן פריער מיט א דור געלעבט.

---

*) אלה הדברים אשר תעשו! דברו אמת איש את רעהו. אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם. ואיש את רעת רעהו אל תחשבו בלבבכם ושבועת שקר אל תאהבו, כי את כל אלה אשר שנאתי נאום ה׳.

# דערגענצונגען צו פריערדיקע קאַפּיטלען

## א

## יחזקאלס קבר

דער קבר פון יחזקאל האָט זיך געפונען לויט דער לעגענדע אין דרום בבל אין דער געגנט פון דער שטאָט קופא, ניט ווייט פון טייך פרת. אויף די ימים נוראים אין דער צייט פון די גאונים פלעגן זיי אהין צונויפקומען פון זיבעציק ביז אכציק טויזנט עולי רגל. אפילו דער ראש הגולה פון באַגדאַד פלעגט זיך באַטייליקן אין די דאָזיקע הייליקע צוגן. אויך דער גאון פון דער באַגדאַדער ישיבה פלעגט קומען צווישן די אַנדערע צום קבר פון יחזקאל הנביא. איבער דעם קבר איז געמאַכט געוועז אַן אהל געשניצט פון באַגילדעטן צעדער האָלץ. אינווייניק איז דער אהל געווען אויסגעבעט מיט טייערע טעפּיכער און באַהאַנגען מיט זעלטענע טיכער. און דרייסיק ליכט פון שמן זית האָבן דאָרטן געברענט בייטאָג און ביינאַכט — אַ גאַנץ יאָר. מען האָט אויך געזאָגט, אַז אויף די ווענט זיינען אויסגע־קריצט געווען די נעמען פון קעניג יכניה און פון די אַלע אַנשי הגולה. אויף דעם קבר האָט זיך אַ אויל לאָמפּ געפונען, וואָס פון דעם ערשטן טאָג אָן, לויט, ווי די לעגענדע האָט פאַרזיכערט, וואָס מען האָט אים אָנגעצונדן, איז ער קיינמאָל ניט פאַרלאָשן געוואָרן. מען פלעגט נאָר אַלע טאָג די קנויטן בייטן און בוימל צוגעבן.

און נעבן דעם קבר האָט זיך אַ קליינע שול געפונען, וואָס איז, ווי די לעגענדע דערציילט, דורך יכניה מלך יהודה צוזאַמען מיט יחזקאל אויפגעבויט געוואָרן. אין דערדאָזיקער שול פאַרזיכערט די טראַדיציע, געפינען זיך אַלטע ספרים — ספרים פון ערשטן בית המקדש און ספרים פון צווייטן בית המקדש — פּילע. עס געפינט זיך אויך דאָרטן אַ ספר תורה, וואָס יחזקאל אַליין האָט געשריבן.

און טאָמער וויל עמיצער ארויסטראָגן א ספר פון דאָרטן, ווערט ער בלינד און ליידט יסורים גרויסע. די אידן פון פרס און מדי פלעגן אויף זיך א נדר נעמען, זיי זאָלן כאָטש איינמאָל אין זייער לעבן קומען דאווענען אין יהויכין — יחזקאלס שול, און יחזקאלס קבר באזוכען, וועלכער איז אויך ביי דער אראבישער באפעלקערונג פאר־הייליקט געוועזן. און דער באגדאדער גאון האָט דערציילט, אז אמאָ־ליקע יאָרן, האָט א פייערדיקער זייל באדעקט יחזקאלס קבר. מחמת אן אומווירדיקע האנדלונג אבער פון א פרעכן פילגרימער, האָט זיך דער פייער־זייל אויף אייביק פון קבר אָפּגעטאָן.

ארום דעם קבר אין זייט פון דער שול איז געווען א שטיינערנע וואַנט מיט א טורעם, ווי א פעסטונג. אין מויער איז נאָר א קליינע, שמאָלע טיר געווען, וואָס נאָר קריכנדיק אויף הענט און פיס, האָט מען געקענט דורך איר אריינקומען אין הויף אריין. אין די טעג אָבער — דערציילט די לעגענדע — ווען צענדליקע טויזנט אורחים זיינען אָנגעקומען איז דאָס קליינע טירל גרויס געוואָרן און איז אזוי הויך געווען דאמאָלס, אז א רייטער אויף זיין קעמעל האָט פריי געקענט אריינפאָרן. עס איז דאן פאר אלעמענס אויגן א גרויסער וואונדער געשען. אלע האָבן געזען ווי גרויסע מחנות מענטשן, אידן און אראבער, האָבן זיך דאָ אויף אן ענגן פלאץ צונויפגעזאמלט, און אלע האָבן זיך דאָך פריי און באקוועם געפילט.

ב

## דניאלס קבר

רבי בנימין דער נוסע דערציילט אונז פאָלגנדעס וועגן דניאלס קבר. זיין קבר געפינט זיך אין שושן, וואָס ווערט פאנאנדערגעטיילט אויף צוויי באזונדערע טיילן. פון איין טייל אין צווייטן קען מען קומען דורך א בריק, וואָס איז אויפגעשטעלט איבער דעם טייך. און די ערשטע צייט האָט זיך דניאלס קבר געפונען אָט אויף יענער זייט שטאָט, ווי די מערסטע אידן האָבן געוואוינט. דאָרטן האָבן זיך געפונען די אלע מערק און די אלע גרעסטע געשעפטן פון שטאָט, אזוי, אז די גאנצע באפעלקערונג דאָרטן, סיי די אידישע, סיי די

מחמדאַנישע, האָבן אַלע פּרנסה בשפע געהאַט, און עס האָבן זיך אין איר פילע זייער רייכע מענטשן געפונען. די איינוואוינער אָבער פון דעם שטאָט טייל, וואָס האָט זיך אויף דער אנדערער זייט פון טייך געפונען זיינען גרויסע אָרימע לייט געווען. ווארום דאָרטען זיינען קיינע קראָמען, קיינע האנדלס צענטרען געווען. יענער טייל האָט אויסגעזען מער דאָרף, ווי שטאָט. דאָרטן זיינען נאָר סעדער און גערטנער געווען, אָבער קיין סימן ניט פון אַ קאָמערציעלן צענטער. די איינוואוינער אָבער פונם דאָזיקן טייל שטאָט זיינען געווען זיכער, אַז דער גאַנצער מזל ברכה פון וועלכער דער אנדערער שטאָט־טייל גע־ניסט, איז נאָר אין זכות פון דניאלן, וואָס ליגט דאָרטן אין ארון זיינעם. זיי האָבן דעריבער געפאָדערט אַז מען זאָל אויף אַ צייט אויך צו די דעם ארון ברענגען, כדי אויך זיי זאָלן אין זיין זכות באַגליקט ווערן. דער צד שכנגד האָט אָבער ניט געוואָלט מסכים זיין דערויף. איז צווישן דיביידע צדים אַ לאַנג דויערנדער קאַמף אָנגעגאַנגען. עס זיינען פון ביידע זייטן קרבנות געפאַלן. פאַרמעגנס גרויסע זיינען פאַר דער צייט חרוב געוואָרן, און קיינער פון די צדדים האָט ניט געוואָלט נאָכגעבן. ענדלעך זיינען די ביידע צדים צו אַ פּשרה געקומען. די פּשרה איז געווען, אַז איין יאָר זאָל זיך דניאלס ארון אין דעם טייל שטאָט פון די נגידים געפינען און איין יאָר אין דעם צווייטן טייל שטאָט, אין דעם טייל, וואָס די קבצנים האָבן געוואוינט. און אַט אַזוי איז די דאָזיקע פּשרה אייניקע יאָר אָנגעהאַלטן געוואָרן. און אין יענעם יאָר, ווען מען פלעגט דניאלס ארון איבערטראָגן פון איין זייט טייך אויפן אנדערן, האָט די גאַנצע שטאָט אַ יום טוב געפּראוועט, וועלכער איז געפייערט געוואָרן מיט גרוים פּאַראַד. די קבצנים, דאָרף מען דענקען, זיינען אויך נאָכדעם, די זעלבע אָרימע לייט געבליבן. צופרידן זיינען זיי אבער דאָך געווען. זיי האָבן די רעאליזירונג פון זייערע האָפנונגען אין דער צוקונפט געזען.

איינעם פון די פּערסישע שאַכן אין אַ שפּעטערע צייט האָט אבער פאַרדראָסן, וואָס מען איז מבזה אַלע יאָר די ביינער פון הייליקן נביא, און ער האָט ענדלעך ארויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז מען זאָל מאַכן אַ גלעזערנעם אָרון קאסטן, אין וועלכן מען זאָל דניאלס ארון אריינשטעלן, און דעם קאַסטן זאָל מען אויפהענגען אויף קייטן אינ־מיטן בריק, אויף אַ גלייכן מרחק פון ביידע זייטן שטאָט, כדי דניאלס

זכות זאָל אין א גלייכער מאָס אויף די ביידע טיילן שטאָט מגין זיין. ער האָט אויך געהייסן, אז דאָרטן, וואו עס איז פריער געווען דער קבר זיינער, זאָל מען א בית תפילה לכל העמים אויפשטעלן, וועלכער האָט געהייסן די שול פון דניאל. און כדי דניאלס כבוד ניט צו פארשוועכן, האָט ער אויך פארבאָטן צו כאפּן פיש אין טייך אויף א שטח פון א מייל ארום און ארום דעם ארון.

אין יענער צייט — אין דער צייט, ווען רבי בניימין האָט געלעבט אין 12טן יאָרהונדערט — האָבן געלעבט אין שושן ביז זיבן טויזנט אידישע איינוואוינער, און זיי האָבן דאָרטן געהאט פערצן שולן, וואָס איינע פון זיי איז אָט יענע דניאלס שול געווען.

וועגן א שול ביי די אידן אויף דעם נאָמען פון דניאל ווערט שוין אין תלמוד דערציילט, אין ערובין כ"א ווערט דערציילט וועגן דעם „בית כנישתא דדניאל", וועלכע האָט זיך געפונען דריי פרסות פון בארניש אין בבל.

און דער רייזענדער רבי פתחיה שרייבט, אז דניאלס ארון הענגט אויף אייזערנע קייטן איבער דעם בריק אין מיטן טייך, צען אייזלן איבער דעם וואסער. און דער ארון איז פון מעש, און פון דערווייטנס זעט ער אויס, ווי גלאָז שיינע. און עס איז א טראַדיציע ביי אידן, אז אויב א שיף, וואָס גייט דורך אונטער דעם ארון, פירט ערלעכע מענטשן, גייט זי דורך דאָס אָרט בשלום. אויב ניט — ווערט זי אין וואסער דערטרונקען. האָט מען מורא צו פאָרן דורך דעם דאָזיקן אָרט.

דער אינטערעסאנטסטער דעטאל אין פארבינדונג מיט דער דאָזיקער לעגענדע איז פאָלגנדער, וואָס דער זעלבער רייזענדער דערציילט אונז: „זיי גלויבן אויך" — דערציילט ער אונז אויף א זייער תמימותדיקן אופן — אז אונטער דניאלס ארון געפינען זיך פיש אזוינע, וואָס האָבן גאָלדענע אוירינגלעך אויף די אויערן.

און רבי בנימין שרייבט, אז די שול, וואָס געפינט זיך אין דעם אָרט, וואו עס איז געווען דאָס אויבערשטיבל, וועגן וועלכן עס ווערט דערציילט אין דניאל, אז דאָרטן האָט ער מתפלל געווען צו גאָט, געפינט זיך ניט ווייט פון דער שטאָט בבל. אָט יענע שול איז טאַקע דאָס אלטע אויבערשטיבל, וואָס דניאל האָט געבויט. זי איז פון געהאקטע שטיינער און ציגל געמאכט. און אין יענעם אָרט וואוינען ארום דריי טויזנט אידן.

ג

# די נביאי השקר אחאב און צדקיה און דער כהן גדול יהושע בן יהוצדק*)

אחאב בן קוליה און צדקיה בן מעשיה האָבן פיל געזינדיקט, ווען זיי זיינען נאָך אין ירושלים געווען.

און אַז זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן קיין בבל האָבן זיי נאָך מער מוסיף חטא געווען.

און וואָס האָבן זיי אין ירושלים געטאָן?

אין ירושלים זיינען זיי נביאי שקר געווען. און זיי האָבן זיך ניט אָפּגעזאָגט פון דער דאָזיקער אומנות זייערער אויך אין בבל. זיי האָבן איינער דעם צווייטן עבירות פאַרמעקלערט.

אחאב בן קוליה פלעגט אַריינגיין צו די גדולים פון מלכות בבל און פלעגט צו זיי זאָגן: הקדוש ברוך הוא האָט מיר געשיקט, איך זאָל עפּעס זאָגן דער פרוי דיינער.

פלעגט צו אים דער גדול זאָגן: אָט איז זי דאָרט, גיי אַריין צו איר. פלעגט ער אַריינגיין און מתיחד זיין זיך מיט איר און זאָגן צו איר: גאָט וויל אַרויסברענגען פון דיר נביאים. גיי באַהעפט זיך מיט צדקיה בן מעשיה, וועסטו פון אים האָבן נביאים.

און זי האָט אים געפאָלגט און האָט געשיקט נאָך צדקיהן. איז ער געקומען און האָט משמש געווען מיט איר.

און צדקיה בן מעשיה האָט אויך אַזוי געטאָן. ער איז געווען אַ מעקלער פאַר אחאבן.

אָט דאָס איז געווען די אומנות זייערע.

קום און זע, וואָס פאַר אַ רשעים זיי זיינען געווען.

זיי האָבן געהאַט אַ שם אין בבל, אַז זיי זיינען געווען גרויסע נביאים.

און אַז אַ מעוברתע פרוי פלעגט זען וועמען פון זיי, פלעגט זי אים פרעגן: אויב דו ביזט יאָ אַ נביא, טאָ זאָג מיר: וואָס טראָג איך, אַ זכר אדער אַ נקיבה?

פלעגט ער איר זאָגן: אַ זכר.

---

*) אַ מדרש מעשהלע.

און באלד איז ער געגאַנגען צו אירע שכנות און האָט צו זיי געזאָגט: א נקבה וועט אָט יענע האָבן.

צום סוף איז אויב זי האָט געהאט א זכר, האָט זי געזאָגט: עס זיינען די רייד פון דעם נביא מקויים געוואָרן. און אויב זי האָט געהאט א נקבה, פלעגן די שכנים אירע זאָגן: דער נביא האָט טאקע אזוי געזאָגט, אז דו טראָגסט א נקבה, נאָר ווייל ער האָט דיר ניט געוואָלט מצער זיין, האָט ער דיר געזאָגט, אז דו טראָגסט א זכר.

און אָט אזוי האָבן זיי זיך געפירט ביז זיי זיינען אנגעקומען צו שאמוראט, די פרוי פון נבוכדנצר.

צדקיה איז צו איר אריינגעגאנגען.

ער האָט געזאָגט צו איר: גאָט האָט מיר צו דיר געשיקט, דו זאָלסט גיין זיך באהעפטן מיט דעם נביא אחאב, וועסטו האָבן נביאים. האָט זי געזאָגט צו אים: איך קען דאָס אליין ניט טאָן. איך מוז פריער פרעגן מיין מאַן.

איז זי געגאַנגען צו איר מאַן און האָט אים דאָס אַלעס דער־ציילט.

האָט נבוכדנצר געשיקט נאָך זיי.

זיינען זיי ביידע געקומען.

האָט ער געזאָגט צו זיי נבוכדנצר:

— האָט איר אזוי און אזוי געזאָגט צו מיין ווייב?

האָבן זיי געזאָגט:

— יאָ. ווארום גאָט וויל, אז עס זאָלן פון איר נביאים ארויס־קומען.

האָט ער געזאָגט צו זיי:

— איך האָב דאָך געהערט וועגן אייער גאָט, אז ער האָט פיינט זנות, אז דערפאַר, וואָס זמרי האָט מזנה געווען זיינען אויסגעשטאָר־בען פיר און צוואַנציק טויזנט אידן. היינט ווי אזוי זשע זאָגט איר אזא זאַך. אדער, אפשר האָט ער שוין גאָט חרטה היינט. צי איר זענט אמתע נביאים אדער פאַלשע נביאים — ווייס איך ניט. נאָר וואָס דען? איך האָב אמאָל אויסגעפּרואווט דריי נביאים, חנניה מישאל ועזריה. מען האָט זיבן טעג א קאַלך אויוון געהייצט און מען האָט זיי אהין אריינגעוואָרפן, און זיי זיינען פון דאָרטן לעבעדיק און גאנץ ארויסגעקומען. אייך וועל איך גרינגער מאַכן. איך וועל

הייסן הייצן דעם קאַלך אויוועו נאָר איין טאָג און דאָרטן אייך אריינוואַרפן. איז אויב איר וועט ניצול ווערן פון קאַלך אויוועז, וועל איך וויסן, אז איר זענט אמתע נביאים און וועל טאָן דאָס אַלעס, וואָס איר וועט הייסן.

האָבן זיי צו אים געזאָגט:

— חנניה, מישאל ועזריה זיינען אין דרייען געווען, און מיר זיינען נאָר צוויי. א נס ווערט אָבער נאָר דורך דריי געטאָן.

האָט ער געזאָגט צו זיי:

— איז דאָ פאַראַן נאָך א דריטער, ווי איר?

האָבן זיי געזאָגט:

— יהושע כהן גדול איז גלייך צו אונז.

זיי האָבן זיך געטראַכט, אז אין זכות פון יהושען וועלן זיי אויך ניצול ווערן.

האָט מען געבראַכט יהושע כהן גדול, און מען האָט זיי אַלע דריי אין קאַלך אויוועז אריינגעוואָרפן.

זיינען די צוויי פאַלשע נביאים פאַרברענט געוואָרן און יהושע דער כהן גדול איז ניצול געוואָרן.

און פון אחאב און צדקיה איז א קללה גענומען געוואָרן פון דעם גאַנצן גלות יהודה, וואָס אין בבל.

אז מען האָט געוואָלט עמיצן שעלטן — האָט מען געזאָגט: זאָל גאָט טאָן מיט דיר, ווי ער האָט געטאָן מיט אחאב און צדקיה, וואָס דער מלך בבל האָט זיי פאַרברענט אין פייער.

און וואָס האָט גורם געווען, אז די דאָזיקע רשעים זאָלן פאַר־ברענט ווערן? דאָס, וואָס זיי זיינען גרינג געווען אויף זייערע פּיס, זיי זאָלן נאָך אומווירדיקייטן און עבירות לויפן.

ד

## וועמענס זון איז זרובבל בן שאלתיאל געווען?

דער אבן עזרא — אין עזרא ג' — זאָגט: „ניט זיין פאָטער איז געווען שאלתיאל, נאָר זיין פעטער. דערפאַר אָבער, וואָס ער האָט זרובבלן דערצויגן, ווערט ער — זרובבל — אָנגערופן זיין זון.

און אַט אזוי שטייט אויך געשריבן אין „דברי הימים״: „ובני יכניה: אסיר, שאלתיאל בנו ומלכיאל*) ופדיה. ובני פדיה — זרובבל ושמעי״. לויט אים נאָך, ווי מען זעט, זיינען שאלתיאל און מלכיאל און פדיה ברידער געווען. היינט, אז זרובבל ווערט אָנגעגעבן אלס פדיהס א זון קומט אויס, אז ער — זרובבל — איז געווען שאלתיאלס א פלימעניק. וואָס אמבאַלאַנגט אסירן איז ניט קלאָר, צי ער האלט, אז אסיר איז געווען שאלתיאלס פאָטער אדער ברודער. עס איז אָבער דאָ מער גרונד אנצונעמען, אז ער האלט, אז אסיר איז געווען שאלתיאלס א ברודער. זרובבל איז אזוי ארום געווען יהויכינס אן אייניקל.

דער „מצודות״ ווידער שרייבט דאָרטן, אז זרובבל איז געווען שאלתיאלס אן אייניקל. ער פארופט זיך אויך אויף דעם אויבנ־געבראַכטן פסוק אין דברי הימים. און אין דברי הימים זאָגט ער, אז שאלתיאל איז אסירס זון געווען, און מלכירם און פדיה און די אנדערע, וואָס זיינען אויסגערעכנט אין זעלבן פסוק, זיינען שאל־תיאלס זין געווען, אזוי, אז זרובבל, וועלכער איז פדיהס זון געווען איז געווען שאלתיאלס אן אייניקל און יהויכינס אן אור־אור אייניקל.

און דער רד״ק אין דברי הימים זאָגט אויך, אז זרובבל איז געווען שאלתיאלס אן אייניקל, נאָר ער רופט איהם אָן זיין זון, ווייל „בני בנים הם כבנים״. און נאָך אים נאָך באדארף מען פארשטיין דעם פסוק „ובני יכניה אסיר שאלתיאל בנו״, אז זיי זיינען ביידע געווען — אי אסיר אי שאלתיאל — יכניהס זין. און נאָך אים נאָך קומט אויס, אז זרובבל איז געווען יהויכינס אן אור־אייניקל.

די פסוקים, וועגן וועלכע עס ווערט דאָ גערעדט, לייענען זיך אין פול אויף פאָלגענדן אופן: „ובני יכניה: אסיר שאלתיאל בנו. ומלכירם ופדיה ושנאצר קמיה, הושע נדביה. ובני פדיה: זרובבל ושמעי. ובן זרובבל: משולם וחנניה ושולמיה אחותם״.

ווי דער לעזער זעט, איז קיין אורזאכע ניט פאראן, מען זאָל ניט קענען לייענען די דאָזיקע פסוקים אויף אן אופן, אז די אלע אויסגערעכנטע פערזאָנען פון אסירן אָן אין פסוק „ובני יכניה״... ביז צו זרובבלן אין פסוק „ובני פדיה״... זאָלן קענען באטראכט ווערן אלס יכניהס זין, אזוי, אז שאלתיאלן באדארף מען ווירקלעך

---

*) אין „דברי הימים״ שטייט: „ומלכירם״, ניט „ומלכיאל״.

פאַרעכענען אַלס זרובבלס א פעטער, ווי דער אבן עזרא באַהויפּטעט. וואָס אמבאַלאַנגט די נעמען אסיר און פדיה פון צוויי פון זיינע — פון יהויכינס זין, בעדאַרף מען דענקען, אַז זיי זענען פאַרבונדן מיט די צוויי ענטשיידנדע פּאַסירונגען פון זיין לעבן. אסירן האָט ער געבוירן, ווען ער איז שוין געווען אין בבל. די באַדייטונג פון וואָרט אסיר איז א געפאַנגענער. און דערויף האָבן שוין די חז"ל אָנגעוויזן. פדיהן ווידער בעדאַרף מען דענקען, האָט ער געבוירן, ווען ער איז פון זיין תפיסה באַפרייט געוואָרן. פדיה מיינט גאולה.

און אין סנהדרין צ"ח ווערט געזאָגט: „אסיר—שעברתו אמו בבית האסורין. שאלתיאל—ששתלו אל שלא כדרך הנשתלין. גמירי שאין האשה מתעברת מעומד, והיא נתעברה מעומד". לויט דער דאָזיקער דרשה פון די חז"ל קענען אסיר און שאלתיאל אלס ברידער באַטראַכט ווערן. אז מען זאָל אָננעמען, אַז לדעתו של בעל המאמר — רבי יוחנן — זיינען אסיר און שאלתיאל די נעמען פון איין פּער־זאָן — זעט זיך ניט. עס רעדט זיך דאָך דאָרטן אין דער גמרא אויך וועגן זרובבלן, וועלכער איז דאָך געווים — זע דעם מהרש"א דאָרטן—א באַזונדער פּערזאָן, קען דאָך זיין, אַז דער בעל המאמר רעדט אויך וועגן אסיר און שאלתיאלן, וואָס גייען צוזאַמען מיט זרובבלן, ווי וועגן צוויי באַזונדערע פּערזאָנען. זיי דערציילן אונז, קען מען אָננעמען, אַז יכניה האָט פאַרבונדן די נעמען פון זיינע צוויי זין מיט צוויי פאַזן פון די אומשטענדן, אונטער וועלכע עס איז זייער לעבן פאַרפלאַנצט געוואָרן. דעם ערשטן האָט ער א נאָמען געגעבן אסיר מפני „שעברתו אמו בבית האסורים" און דעם צווייטן שאלתיאל „מפני ששתלו אל שלא כדרך הנשתלין". דער גר"א אין זיין פירוש אויף דברי הימים זאָגט אבער, אַז די חז"ל האָבן געזאָגט, אַז אסיר און שאלתיאל זיינען נעמען פון איין פּערזאָן.

און וואָס אמבאַלאַנגט דעם מהרש"א—איז ניט קלאָר, צי ער האַלט—מען בעדאַרף אבער דענקען, אַז ער האַלט ניט אַזוי — אַז אויך די חז"ל באַטראַכטן אסיר און שאלתיאלן פאַר איין פּערזאָן. ער רעדט אָבער בפירוש וועגן שאלתיאלן אלס יכניהס זון.

פון דער צווייטער זייט אָבער קען אונז אפשר דער טעם, וואָס ער גיט אָן פאַר דעם, וואָס די דרשה וועגן זרובבל קומט צוזאַמען מיט דער דרשה וועגן שאלתיאל ארויפירן אויף א וועג—כאָטש ער

אליין גייט ניט אויף דעם דאָזיקן וועג—מיר זאָלן קענען דאָך אָננעמען, אז אויך די חז"ל באטראכטן אסיר און שאלתיאל ווי פאָטער און זון. ווארום אויב שאלתיאל האָט געקענט פארבינדן דעם נאָמען פון זיין זון מיט דעם פאקט, וואָס יבניה איז פארטריבן געוואָרן קיין בבל, האָט ער דאָס געקענט טאָן אויך אין פאל, ווען מיר זאָלן אָננעמען, אז יכניה איז ניט דוקא א פאָטער זיינער געוועזן, נאָר א זיידע. און פונקט ווי שאלתיאל האָט פארבונדן זיין זונס געבורט מיט דעם פאקט פון זיין זיידנס פארטריבן ווערן פון בבל, אזוי האָט אויך אסיר, יכניהס זון, וואָס האָט פון זיין פאָטער געקראָגן דעם דאָזיקן נאָמען דערפאר, וואָס זיין—אסירס—לעבן איז אין תפיסא פארפלאָנצט גע־וואָרן, אין אן אנדער פאָרם דאָס לעבן פון זיין זון אָט מיט דעם פאקט פארבונדן. אזוי ווי יענער האָט זיין זון גערופן זרובבל צו ווייזן, אז ווען ניט דאָס, וואָס יכניה איז קיין בבל פארטריבן געוואָרן, וואָלט זרובבל ניט געוועזן געבוירן געוואָרן, אזוי האָט אסיר א נאָמען געגעבן זיין זון שאלתיאל צו ווייזן, אז ווען ניט דער נס פון ששתלו אל שלא כדרך הנשתלים, וואָס האָט זיי אייגן לעבן מעגלעך געמאכט, וואָלט דער ביי אים געבוירענער זון, וואָס ער האָט א נאָמען געגעבן שאלתיאל, קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געוועזן. מער ניט, מען וואָלט באדארפט דאן זאָגן, אז טראָץ דעם, וואָס אויבנאויף זעט דאָס אויס, אז פונקט ווי דער טעם פאר דעם נאָמען אסיר, וואָס די גמרא גיט אָן, דער טעם „מפני שעברתו אמו בבית האסורים", באציט זיך אויף דער פערזאָן, וואָס האָט דעם דאָזיקן נאָמען געטראָגן, אזוי באציט זיך אויך דער נאָמען שאלתיאל אויף דער פערזאָן, וואָס מען האָט מיט אָט דעם נאָמען גערופן — איז דאָס אין אמתן ניט אזוי, נאָר ער באציט זיך אויף דער פערזאָן, וואָס האָט דעם דאָזיקן נאָמען געגעבן. מען מוז אבער מודה זיין, אז מען קען דאָס נאָר בדוחק גדול טאָן. דער איינפאכער פשט פון דער סוגיא איז געגן אזא אויסטייטשונג.

און עס איז אויך פאראן א מיינונג, אז דער אסיר באציט זיך נאָר אויף יכניהן. דער אסיר באדארף זיך לייענען גליך, ווי עס וואָלט פאר אים אן ה"א געשטאנען. מען באדארף לייענען „ובני יכניה האסיר" — די קינדער פון יכניה, וואָס איז פארהאַפטעט אין תפיסה געוועזן.